מ. אילינ

# דער גרויסער פּלאנ

ייִדיש — ב. גוטיאנסקי

דערלויבט פונעם מעלוכישנ וויסנשאפטלעכ-מעטאָ-
דאָלאָגישנ קאָמיטעט פונ פאָלקאָמבילד אוסרר
צו באנוצנ אינ די קינ־ערשע ביבליאָטעקנ.
דערלויבעניש 160 № פונ 9־טנ סענטיאבער 1930.

צ ע נ ט ר פ א ר ל א ג
כארקאָוו 1931 קיִעוו

די ביבליָגראפישע פארצייכענונג פונעם בוך און די שיפערן פאר ביבליָטעק-קאטאלאגן זײַנען אָפּ-געדרוקט אין „צײַטשריפט פון דרוק" און אין דעם „קארטן-רעפערטואר" פון דער אוקראַינישער ביכער-פאלאטע.

אלוקר. פּאָליגראפ. פאריייניקונג
אינטערנאציָנאלע דרוקערײַ, קיִעוו
רויטער פלאץ, 2a. באשט. 19—
3.000 עקזעמפל. שטאָטליט 480.
10 דר.-בויגן.

# פון וואָס וועלן מיר דאָ שמועסן

## ציפערן — בילדער

ס׳זײַנען דאָ ביכער מיט דערציילונגען, מיט גלייכווערטלעך, מיט לידער. אַלע ביכער איז אינטערעסאַנט צו לייענען, צו בלעטערן.

ס׳זײַנען דאָ ביכער מיט ציפערן און טאַבעלעס.

אַזעלכע ביכער לערנען מיר, אָבער איין צײַט פון אָפּרו וועלן מיר אַזאַ בוך ניט גיין לייענען.

ס׳איז אָבער פאַראַן איין בוך אַזאַ, וואָס באַשטייט דורכויס פון ציפערן און טאַבעלעס, און פונדעסטוועגן איז עס אינטערעסאַנטער פון עם בעסטן ראָמאַן מיט פאַסירונגען.

אין דעם דאָזיקן בוך איז יעדער ציפער — אַ געמעל.

אַז מע טוט אַזוי אַ קוק אויפן בוך, איז, דאַכט זיך, גאָרניט אַזוי אינטערעסאַנט. ציפערן, ווי אין אַ לערנביכל. אָבער אַז מע הייבט אָן לייענען, קען מען זיך שוין ניט אָפּרײַסן.

## וואָס קען מען זען אין ציפערן

אויפן ברעג פון אַ גרויסן טײַך צעשפּרייטן זיך פעלדזן אין פּיצלעך. שרעקלעכע מאַשינעס, ענלעכע אויף אוראַלטע חיות, קלעטערן אויף גיגאַנטישע טרעפּ, וואָס זײַנען אויסגעהאַקט אין באַרג.

אַ נײַער טײַך באַווײַזט זיך דאָרט, וווּ פריִער איז ער ניט געווען. אַ טײַך פון 100 קילאָמעטער די לענג. אַ נײַע גרויסע אָזערע

קומט אופ מיטאמאָל אפ דעמ אָרט, ווו ס׳איז ניט לאנג געוועג א זומפּ. אינ סטעפּ, דאָרט ווו ס׳איז אָט ערשט געוואָקסנ אָלגראָז אונ פּיריי, כוואליעט זיכ איצט ווייצ אפ הונדערטער קילאָמעטער.

אעראָפּלאנענ פּליִענ איבער סיבּירער טײַגע, אונ אינ די קאַבּינעס זיצנ מענטשנ מיט קאָסע אויגנ, אינ מאָדנע אָנטאָנס פונ כײַעשער פעל. אינ קאלמיקער געגנט אינמיטנ באקעטנ סטעפּ וואקסנ אויס אײַזנ־בּעטאָנענע געבּײַדעס לעבּנ די יורטעס פונ פּילצ.



שרעקלעכע מאשינעס, ווי די פארצײַטיקע מוירעדיקע כײַעס, דראפּעג זיכ איבער טרעפּ אונ שטײַגנ אינ די בּערג.

שטאָלענע מאסטבּיימער זײַנענ צעשטעלט איבּערנ גאנצנ לאנד: פיר פיס איז דאָ בּא יעדערנ אונ אסאכ הענט, אונ אינ דידאָזיקע הענט — דראָטנ.

איבּער די דראָטנ לויפט שטראָמ, די קראפט אונ די מעכטיקײַט פונ טײַכנ אונ וואסערפאלנ, טאָרפ־זומפּנ אונ קױלנלאגערס.

דאָס אלצ איז אינ ציפערנ, דאָס אלצ איז דאָ אינעמ בּוכ מיט ציפערנ. אונ דאָסדאָזיקע בּוכ רופט זיכ אָנ „פּינפּיאָריקער פּלאנ".

דערציילנ מיט אייגענע ווערטער וועגנ דעמדאָזיקנ גרויסנ

פלאַן איז אַ שווערע אויפגאַבע. איבערגעבן אין אַ קליין ביכעלע דאָס, וואָס איז באַשריבן אויף 1680 זײַטלעך מיט ציפערן, טאַבעלעס און דערקלערונגען, — איז עס דען אַ מעגלעכע זאַך? טויזנטער מענטשן האָבן דאָך געאַרבעט אויפן פינף־יאָריקן פלאַן, און איך וויל איינער אַליין דערציילן וועגן אַלץ.



דאָס איז שוין ניט קיין פלאַן, די ציפערן ווערן פאַרוואַנדלט אין זאַכן. קעדיי וועגן אַלץ צו דערציילן, וואָלט מען באַדאַרפט זײַן אומעטום, ווו סע גייט די בויונג, אַלצדינג אָנקוקן מיט די אייגענע אויגן. ס'איז אָבער ווייניק אָנקוקן, מע דאַרף נאָך פאַרשטיין. איך בין אַ אינזשענער, איך ווייס זייער גוט יענץ ווינקעלע פון טעכניק, אין וועלכן איך אַרבעט. און שרײַבן וועט מיר אויסקומען וועגן דער גאַנצער בויונג. קעדיי זיך ספּראַווען מיט דערדאָזיקער אויפגאַבע, דאַרף מען זײַן אי אַ מעטאַלורג, אי אַן אַגראָנאָם, אי אַ מעכאַניקער, אי אַ בויער, אי אַ כעמיקער, אי אַן עקאָנאָמיסט, אי אַ וועג־אינזשענער, אי אַ הידראָ־טעכניקער. אומעטום זײַן און אַלצדינג וויסן — דאָס איז ניט מעגלעך. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלץ וועל איך זאָגן, אַסאַך וועל איך פאַרפעלן. זאָלן אַנדערע דערציילן מע־רער, צוגעבן, דערקלערן דאָס, וועגן וואָס כ'האָב ניט געזאָגט אָדער ווייניק געזאָגט.

שטאָלענע זעגלען אומעטום איבערן לאַנד. יעדער זעגל האָט פיר פיס און אַסאַך הענט — דראָטן.

# I. צוויי לענדער

## 1. א פראָעקט פון א לאנד

דער „פינפיאָריקער פלאנ״ — דאָס איז א פראָעקט, אָבער ניט פון איינ זאוואָד, נאָר פון צוויי טויזנט פיר הונדערט זאוואָדנ. אונ ניט בלויז פונ זאוואָדנ, נאָר אויכ פונ שטעט, אונ עלעקטראָסטאנציעס, אונ בריקנ, אונ שיפנ, אונ אײַזנבאנ־ליניעס, אונ ארצגרובנס, אונ ראטווירטנ, אונ קאָלווירטנ, אונ שולנ, אונ ביבליאָטעקנ. דאָס איז א פראָעקט פונ איבערבויענ דאָס גאנצע לאנד. צונויפגעשטעלט האָבנ דעמדאָזיקנ פראָעקט ניט קיינ איינ מענטש אונ ניט קיינ צוויי, נאָר טויזנטער געלערנטע מענטשנ. בויענ זײַנענ געקומענ ניט קיינ צענדליקער ארבעטער, נאָר מיליאָנענ. מיר אלע בויענ דאָס „פינפיאָר״.

דאָס ערשטע מאָל האָט מענ עס באהאנדלט אינ דעקאבער 1927 יאָר אפנ XV צוזאמענפאָר פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי. פונעמ 1 אָקטיאבער 1928 יאָר איז דאָס גאנצע לאנד צוגעטראָטנ עס אויסצופילנ. אונ אינ 1929 יאָר איז שוינ קלאָר געווארנ, אז דאָס „פינפיאָר״ וועט מענ אויספילנ ניט אינ פינפ יאָר, נאָר אסאכ גיכער.

אזעלכע פראָעקטנ איז נאָכ קיינמאָל ניט געווענ. אינ אמעריקע איז דאָ אסאכ גרויסע זאוואָדנ — אסאכ מערער איידער בא אונדז. דאָרט זײַנענ דאָ זאוואָדנ, וואָס לאָזנ ארויס צו פיר



אויטאָמאָבילנ אינ א מינוט. דאָרט זײַנענ דאָ הײַזער פונ זעכציק שטאָק. דאָרט האָט מענ ניט לאנג אויסגעבויט א גרויסע אײַזנבאנ־בריק אינ איינ טאָג. דאָרטנ ארבעט אפ די פעלדער א מיליאָנ טראק־טערס. די אמעריקאנער שטאָלצירנ מיט זייערע מאשינעס, מיט זייערע פאבריקנ.

אָבער וויאזוי ארבעטנ דידאָזיקע פאבריקנ? איר מיינט—לויט א וועלכנ ניט איז אלגעמיינעמ פלאנ? ניינ, זיי ארבעטנ אָנ א פלאנ.

## 2. וואָס קומט פאָר, אז מע ארבעט אָנ א פלאנ

באמ מיסטער פאָקס האָט זיכ אָנגע־קליבנ געלט א מיליאָנ דאָלער. אָבער געלט טאָר ניט ליגנ גלאט אזוי. מיסטער פאָקס קוקט נאָכ די צײַטונגענ, האלט זיכ אנ אייצע מיט גוטע פרײַנט, דינגט אגענטנ. די אגענטנ לויפנ אומ פונ אינ־דערפרי ביז אפדערנאכט איבער דער שטאָט, קוקנ אויס, פרעגנ אויס, וווהינ טומ מענ אהינ מיסטער פאָקס געלט.

אונ סאָפקאָלסאָפ האָט זיכ געפונענ א געשעפט. שליאפעס! אָט וואָס מע דארפ טונ. שליאפעס פארקויפנ זיכ גוט,

דאָס איז איינע פונ די העכסטע געבײַדעס אינ אמעריקע. פאראנ נאָכ העכערע. ניט לאנג האָט מענ דאָרט אויסגעבויט א מויער פונ 314 מ. די הייכ.

מענטשן ווערן רײַך. ניטאָ וואָס צו טראַכטן. מיסטער פאָקס בויט א פאַבריק פון שליאַפּעס.

פונקט דערזעלבער געדאַנק און אין דערזעלבער צײַט פאַלט אײַן אויך דעם מיסטער פאָקס, און דעם מיסטער קראָקס, און דעם מיסטער נאָקס. און אַלע הייבן זיי אָן איינצײַטיק צו בויען פאַבריקן פון שליאַפּעס.

אין א האַלב יאָר אַרום ווערט אין לאַנד עטלעכע ניַיע שליאַפּע־פאַבריקן, די מאַגאַזינעס זײַנען ביז דער סטעליע אָנגע־פילט מיט פּודלען. די לאַגערן ברעכן זיך פון פּודלען. אומעטום שילדן, רעקלאַמעס, אַפישעס: שליאַפּעס, שליאַפּעס, שליאַפּעס. שליאַפּעס האָט מען געמאַכט אַסאַך מערער ווי מע דאַרף, צוויי מאָל אַזויפיל, דרײַ מאָל אַזויפיל. און די פאַבריקן אַרבעטן זיך ווײַטער אָן אויפהער.

און דאָ קומט פאָר דאָס, וואָס ס׳האָט ניט פאָרויסגעזעען ניט מיסטער פאָקס, ניט מיסטער נאָקס, ניט מיסטער קראָקס. דער עולם הערט אויף צו קויפן שליאַפּעס. מיסטער נאָקס זעצט אַראָפּ די פּרײַזן אויף 20 צענט, מיסטער קראָקס — אויף 40 צענט, מיסטער פאָקס פאַרקויפט די שליאַפּעס אויף צו דערלייגן, אַבי פּטור ווערן פון זיי.

אָבער די געשעפטן גייען אַלץ ערגער און ערגער.
אין אַלע צײַטונגען ווײַזן זיך מעלדונגען:

איר האָט איין קאָפּ, אָבער דאָס הייסט גאָר ניט, אַז איר דאַרפט טראָגן איין שליאַפּע. יעדער אַמעריקאַנער דאַרף האָבן דרײַ שליאַפּעס. קויפט פאָקס שליאַפּעס!

מיסטער פאָקס לייגט פאָר שליאַפּעס אָפּ אויסצאָלן, אָפּ דריַי יאָר. מיסטער פאָקס מעלדעט אָן אויספאַרקויף.

> בלויז איין טאָג!
> גוצט אויס די געלעגנהײַט!

אָבער דאָס העלפט אויך ניט. מיסטער פאָקס פאַרקלענערט די ארבעטער דעם ארבעטלוין. אָפּ א דאָלער א וואָך. מיסטער קראָקס פאַרקלענערט דעם ארבעטלוין אָפּ צוויי דאָלער א וואָך.

און די געשעפטן גייען אַלץ ערגער און ערגער.

און מיטאמאַל — סטאָפּ! מיסטער פאָקס האָט אָפּגעשטעלט זײַן פאבריק. צוויי טויזנט ארבעטער האָט מען צערעכנט, און זיי קענען זיך גיין וווהין זיי ווילן. אויפן צווייטן טאָג האָט מיסטער קראָקס אָפּגע־שטעלט זײַן פאבריק. אין א וואָך ארום



אומעטום שילדן, פּלאַקאַטן, אַפּישעס: שליאַפּעס! שליאַפּעס! שליאַפּעס!



שטייענ קימאט אלע פאבריקנ פונ שליאפעס. טויזנטער ארבעטער האָרי ייה וואָס צו טונ. נייַע מאשינעס זשאווערנ. די געבייַדעס פארקויפט מענ אפ ברוכ.

ס׳גייט אוועק א יאָר, א צווייטס. די שליאפעס, וואָס מע האָט געקויפט בא נאָקסנ, בא פאָקסנ אונ בא קראָקסנ, זייַנענ אלט געוואָרנ, דער אוילעמ הייבט אָנ ווידעראמאָל קויפנ שליאפעס. די מאגאזינעס פונ שליאפעס בלייַבנ ליידיק. פונ די אייבערשטע פאָלעצעס שלעפט מענ אראָפ פארשטויבטע פודלענ. קיינ שליא־פעס קלעקט ניט. די פרייַזנ אפ שליאפעס וואקסנ.

אונ דעמאָלט איז שוינ ניט מיסטער פאָקס, נאָר עפעס א מיסטער דודל פארקלערט א קאראנטנע געשעפט — בויט א פאבריק פונ שליאפעס. אָבער פונקט דיזעלבע אידייע פאלט אייַנ אינ קאָפ אריינ נאָכ אנדערע קלוגע מענטשנ אונ געשעפט־לייַט — דעמ מיסטער בודל, מיסטער פודל אונ מיסטער נודל. אונ די גאנצע געשיכטע הייבט זיכ אָנ באנייַס א קאָנ.

דאָס, וואָס סע קומט פאָר מיט שליאפעס, קומט פאָר אויכ מיט שטיוול, אונ מיט צוקער, אונ מיט טשוהונ, אונ מיט קוילנ, אונ מיט נאפט. פאבריקנ בלאָזנ זיכ אָנ, ווי זייפנ־בלאָזנ, אונ פלאצנ. מע קענ מיינענ, אז מענטשנ זייַנענ פונ זינענ אראָפ.

## 3. א מעשוגנ לאנד

דעמ 1 סענטיאבער 1920 יאָר איז פונ וואשינגטאָנ ארויס־געגאנ א צוג: א לאָקאָמאָטיוו מיט דרייַסיק וואגאָנעס. די וואַ־גאָנעס זייַנענ געווענ ביז ארופ אָנגעלאָדנ מיט קאווענעס. די קאווענעס זייַנענ געווענ צייַטיקע, שטייַפע אונ יעדערער האָט געקאָסט 25 צענט — א האלבער רובל אפ אונדזער געלט. דער צוג איז שנעל געלאָפנ קיינ צאָפנ.

באַם ברעג טײַך פּאָטאָמאַק, דאָרט ווו די ליניע גײט איבער אַן אַראָפּבאַרג, האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט. עפּעס מענטשן האָבן זיך אַ פּאָרע געטון באַ אײנעם פֿון די וואַגאָנעס.

און מיטאַמאָל — כּליופּ! אײן קאַווענע האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט אין וואַסער, אַ צווײטער, אַ דריטער. אַ גאַנצע לאַווינע קאַווע־נעס האָט זיך אַ ריס געטון אַראָפּ אַ באַרג. די קאַווענעס זײַנען געשפּרונגען, ווי קראָקעט־באַנקעס, האָבן זיך צונויפגעשטויסן און צעקלאַפּט זיך אָפּ ברעקלעך.

באַם ברעג איז אין וואַסער געוואָרן אַ האַטקע פֿון קאַווע־נעס — אַ גריניער שווימענדיקער אינדזל. קאַווענעס זײַנען אַלץ געפֿלויגן און געפֿלויגן. נאָכן ערשטן וואַגאָן איז געגאַן אַ צווײטער, נאָכן צווײטן — אַ דריטער. די אַרבעט איז געגאַן שנעל, אַ וואַגאָן פֿאַר צוויי מינוט. דרײַסיק וואַגאָן — פֿאַר אַ שעה.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ פֿײַף געטון, דער צוג האָט גע־רירט. די מענטשן זײַנען אין גאַנג שוין אַרופֿגעשפּרונגען אויף די טאָרמאָז־פּלאַטפֿאָרמעס. דער צוג איז אַוועק. די קאַווענעס זײַנען פּאַמעלעך אַוועקגעשוווּמען מיטן שטראָם פֿונעם טײַך פּאָטאָמאַק.

די־דאָזיקע געשיכטע האָב איך ניט אויסגעטראַכט. אויב איר ווילט מיך קאָנטראָלירן, קריגט סטיוואַרט טשעזס בוך „די טראַ־געדיע פֿון אויסברענגערײַ". סטיוואַרט טשעז איז אַן אַמעריקאַ־נער, אַ מיטאַרבעטער פֿונעם אַרבעט־דעפּאַרטאַמענט. די געשי־כטע מיט די קאַווענעס וועט איר געפֿינען אויפֿן 102 זײַטל.

אָט וואָס סע דערצײלט זיך נאָך אין דעמדאָזיקן בוך:

„אין 1920 יאָר האָט מען אויסגעגאָסן טויזנטער גאַלאָנעס מילך אין די טײַכן און טײַכלעך פֿון דאָרעם־אילינויס".

„אין אָקטיאבער 1921 יאָר זײַנען אין די מיטל־מײַרעװודיקע שטאטן געװען צעהאנגען פּלאקאטן, װאָס האָבן פאָרגעלייגט די פּערמערס צו ברענען קאָרן אָנשטאָט קוילן“.

„דעם 24 יוני 1924 יאָר האָט זיך אין א ניו־יאָרקער צײַטונג „װעלט“ באװיזן א מיטיילונג: „הײַנט האָט מען אין האפן פאַר־ניכטעט טויזנטער זעק מיט אוגערקעס“.

„אלע עטלעכע יאָר לאָזט מען איבער אין מען א גרויסן טייל קארטאָפל־גערעטעניש ניט אויסגעגראָבן, קעדיי ער זאָל פארפוילט װערן אין דער ערד“.

און אָט זײַנען שפּאָגל־נײַע נײַסן — פון צײַטונגען.

„אין די מײַרעװודיקע שטאטן ברענט מען װײַטעראמאָל, װי אין 1921 יאָר, טװוע אָנשטאָט הייצונג“.

„אַפ די בוימװאָל־פּלאנטאציעס פּלאָדעט מען א זשוקל — א שעדיקער, װאָס מאכט א טעל פון די בוימװאָל־פארזייען“.

די פאבריקאנטן פון אװטאָמאָבילן גיבן אויס מיליאָנען דאָ־לער אַפ אופצוקויפן און פארניכטן צוגענוצטע אװטאָמאָבילן.

שיפ־קאמפאניעס פארניכטן הונדערטערװײַז די בײַסטע דאמפערס און מאָטאָר־שיפן.

װאָס הייסט עס? פון זינען זײַנען די מענטשן אראָפּ, צי װאָס? ברענען קאָרן, אויסגיסן מילך, פארניכטן אװטאָמאָבילן, דערטרינקען שיפן, — צוליב װאָס טוט זיך עס, װעמען לוינט עס?

דאָס לוינט די מיסטערס פאָקסן און טראָקסן. מיסטער פאָקס פארברענט עטלעכע צוגן טװוע, קעדיי אופצוהייבן די פרײַז אַפ קאָרן. מיסטער טראָקס גיט אָפּ א באפעל, מע זאָל אויסגיסן אין טײַך ארײַן צען טויזנט פלעשער מילך צוליב דעם, אז די מילך זאָל ניט קאָסטן צו װאָלװל.

און אין דערזועלבער צײַט דערציילן די שול־דאָקטוירים פון דער שטאָט ניו־יאָרק, אז פון יעדערע פיר קינדער אין ניו־יאָרק איז דאָ איינס, וואָס דערעסט ניט.

אין לאנד איז דאָ מיליאָנען מאשינעס, די לאגערן ברעכן זיך פון סכוירעס, קאָרן ברענט מען אָנשטאָט קוילן, מילך גיסט מען אויס אין טײַך. און אין דערזועלבער צײַט, אין דעמזעלבן לאנד — הונגערן טויזנטער מענטשן.

די אמעריקאנער זאָגן מיט שטאָלץ: „בא יעדער אמעריקאנער ארבעטער איז דאָ צוויי הונדערט דרײַסיק מעכאנישע קנעכט". ווען מע רעכנט אויס, וויפל איז אין לאנד פאראן מאשינעס און וואָס פאר א צאָל ארבעטער זיי פארבײַטן, קומט טאקע אינדערעמעסן אזוי אויס.

פארוואָס־זשע, אויב אזוי, זײַנען דאָ מיליאָנען אמעריקאנער בירגער, וואָס האָבן ניט דאָס סאמע נייטיקסטע?

דאָס איז דערפאר, וואָס אלע מעכאנישע קנעכט, די אלע גרויסארטיקע מאשינעס געהערן ניט אלע אמעריקאנער, נאָר זייער א קליינער צאָל מענטשן. בלויז איין „אווטאָמאָביל־קעניג" פאָרד פארמאָגט 60 זאוואָדן אין אמעריקע און 28 זאוואָדן אין אנדערע לענדער. ער פארמאָגט אייגענע אײַזנבאנליניעס, אייגענע שיפן, אייגענע ארצגרובנס, אייגענע וועלדער, אייגענע בערג, אייגענע טײַכן. ווען מע זאָל צונויפנעמען אלע ארבעטער פון זײַנע זאוואָדן מיט זייערע פאמיליעס און מע זאָל זיי באזעצן אף איין אָרט, וואָלט זיך באקומען א שטאָט מיט א באפעלקערונג פון דרײַ מיליאָן מענטשן. דאָס איז אלציינס, ווי גאנץ מאָסקווע און צודערצו נאָך האלב לענינגראד וואָלטן געארבעט אף איין מענטשן. איינעם געהערן די מאשינעס, און איבער דעם מוזן מיליאָנען מענטשן ארבעטן אף איינעם.

## 4. פסרר און צאפש

בא אונדז איז וויניק מעכאנישע קנעכט. בא יעדער אמעריקאנער ארבעטער איז דאָ 230 מעכאנישע באהעלפערס. און בא יעדער סאָוועטישן ארבעטער — נאָר 20 מעכאנישע באהעלפערס.

אָבער דערפאר געהערן בא אונדז די מעכאנישע באהעלפערס ניט דעם מיסטער פאָקס, און ניט דעם מיסטער נאָקס, נאָר די ארבעטער. און דאָס בײַט אינגאנצן די לאגע. פאר די ארבעטער האָט קיין זינען ניט צו ברעכן אווטאָמאָבילן, פאר די ארבעטער האָט קיין זינען ניט אויסצוגיסן די מילך אין טײַך ארײַן, צו ברענען קאָרן אָנשטאָט קוילן, צו פארניכטן זעק מיט אוגערקעס. דער ארבעטער פארשטייט, אז אן אווטאָמאָביל, מילך, קאָרן, אוגערקעס — דאָס איז ארבעט. קעדיי דער אווטאָמאָביל זאָל ווערן, דארף מען, אז עמעצער זאָל אים מאכן. צוליב וואָס־זשע פאטערן אומזיסט ארבעט און צײַט?

מיר האָבן א פלאן. אין אמעריקע גייט די ארבעט אָן א פלאן.

בא אונדז איז א פארזיי־קאמפאניע. אין אמעריקע פארניכטעט מען פארזייען.

בא אונדז וואקסט די פראָדוקציע. אין אמעריקע פארקירצט זיך די פראָדוקציע, סע וואקסט די ארבעטלאָזיקײַט.

מיר בויען דאָס, וואָס ס'איז נייטיק.

אין אמעריקע פאטערן הונדערטער זאוואָדן רויוואַרג און ענערגיע אף דעם, וואָס מע דארף עס ניט האָבן.

סטיוארט טשעז זאָגט: „מיר ווערן דערטרונקען אין א יאם זאכן, וואָס מיר טראָגן ניט, וואָס מיר פארלירן, וואָס גייען ארויס פון דער מאָדע, וואָס מיר שענקען גוטע־




די דאָזיקע שילד ברענט אויס מער עלעק-טרישע ענערגיע ווי די גאנצע שטאָט.

פרײַנט און וואָס זיי דארפן ניט האָבן, וועלכע ווערן ערגעץ פארשווינדן. איי־ביקע פענעס, ציינדערס פאר ציגארן, וואָלוועלע פינגער־לעך, מאכשירים צום גאָלן זיך, אָן א שיר שמאָכטע־לײַעס, פוסטע זאכן. מיר פארניכטן בערג גוטן אײַ־זנבארץ און אָן א צאָל פערדקראפט, קעדיי אין עטלעכע כאדאָשים ארום זאָלן מיר מיט זיי אָנפילן דעם מיסטקאסטן".

און וויפל געלט פא־טערט מען אפ רעקלאמע!

אפ איבערצולייענען אלע אנאָנסן, וואָס ווײַזן זיך יעדער יאָר אין די אמעריקאנער צײַטונגען, וואָלט מען באדארפט האָבן 500 יאָר.

אין אלע שיינע ערטער, לענגויס אלע וועגן זײַנען צעשטעלט ריזיקע קאָלירטע פלאקאטן. אין וואלד באגעגנט אײַך „סמיטס צײַן־פאסטע", אפ א בארג־שפיץ באגריסט אײַך די „קיקאפוקער אינדישע סאגווע", אין די אָוונטן זײַנען די

שטעט פֿאַרגאָסן מיט שײַן פֿון אָנצאָליקע עלעקטרישע שילדן און אופֿשריפֿטן אַפֿן דאַך פֿון קליוולענדער קאָמפּאַניע און אין אײנער פֿון די אַמעריקאַנער שטעט שײַנט אַן אופֿשריפֿט: „די דאָזיקע שילד ברענט אױס מער עלעקטרישן שטראָם, אײדער די גאַנצע שטאָט“.

מיליאָנען טאָן רויוואַרג און הייצונג, מיליאָנען אַרבעט־טעג פֿאַטערט מען נאָר אַף דעם, מע זאָל צווינגען די מענטשן צו קויפֿן דאָס, וואָס זיי דאַרפֿן ניט האָבן. די מענטשלעכע מי ווערט צעפּאַטערט, ווערט צונישט. און דאָס אַלץ איז איבער דעם, וואָס די מעכאַנישע קנעכט געהערן דעם מיסטער פֿאָקס און דעם מיסטער באָקס, און ניט די אַרבעטער. פֿאָקסן און באָקסן איז אַלצײנס וואָס צו מאַכן, אַבי צו מאַכן געלט.

צוליב־וואָס בויט דער מיסטער פֿאָקס אַ פֿאַבריק פֿון שליאַ־פֿעס? דען צוליב דעם מע זאָל מאַכן שליאַפֿעס? הייבט זיך ניט אָן! צוליב דעם מע זאָל מאַכן געלט. פֿאַרן מיסטער פֿאָקס איז יעדער פֿאַבריק אַ פֿאַבריק פֿון געלט, אַ פֿאַבריק פֿון רעווער.

און דער אַרבעטער איז פֿאַרן מיסטער פֿאָקס ניט קײן אַרבע־טער, ניט קײן מענטש, נאָר אַ מאַשין אַף צו באַקומען רעווער. אַ מאַשין פֿון טשוהון און שטאָל היט מען אָפּ, מע לאָדט זי ניט איבער מיט קײן אַרבעט: זי קאָסט דאָך אַסאַך געלט. און די מענטש־מאַשין קאָסט גאָרניט. די לעבעדיקע מאַשין אַרבעט אַף די אַמעריקאַנער זאַוואָדן קעסײדער מיט אַן איבערלאָדונג. אויב זי איז אָפּגענוצט געוואָרן, זיך אַרויסגעשלאָגן פֿון די קויכעס, — איז אַרויסגעשלײַדערט זי! ס׳וועלן זיך אָפּזוכן אַנדערע.

סטיואַרט טשעז זאָגט, אַז אַן אַרבעטער עלטער פֿון פֿערציק יאָר נעמט מען שוין ניט אַף קײן זאַוואָד. צו פֿערציק יאָר איז אַן אַמעריקאַנער אַרבעטער שוין אַ זאָקן.

אינ אמעריקע איז די מאשינ דעמ ארבעטער ניט קיינ באַ־העלפער, ניט קיינ פרײַנט, נאָר א סוינע. יעדער נײַע מאשינ, יעדער נײַע דערפינדונג ווארפט ארויס אפ דער גאס טויזנטער ארבעטער. אפ די גלאָז־זאוואָדנ מאכט איינ מענטש אינ א טאָג 3 טויזנט פלעשער. אונ אינ די פריִערדיקע צײַטנ האָט מענ צוליב דעמ באדארפט האָבנ 77 מענטשנ. הייסט עס, יעדער מאשינ אפ צו מאכנ פלעשער האָט ארויסגעוואָרפנ אפ דער גאס 76 מענטשנ. אונ דער אמעריקאנער ארבעטער האסט די מאשינ, וועלכע שלאָגט אָפּ בא אימ דאָס ברויט.

איינער אנ אמעריקאנער שרײַבער זאָגט: „די מאשינעס פרוכפּערנ זיכ אונ מערנ זיכ, וואָס אמאָל ווערט אלצ מער אונ מע־רער. מיר האָבנ זיי אלײנ ארויסגעהאָדעוועט, אונ איצטער האָבנ זיי אונדז ארומגערינגלט, ווי ווילדע אונ געפערלעכע כײַעס, אונ מיר זײַנענ בא זיי אינ די הענט".

אונ בא אונדז?

וואָס מער מאשינעס ס'וועט בא אונדז זײַנ, אלצ גרינגער וועט זײַנ די ארבעט, אלצ קורצער וועט זײַנ דער ארבעט־טאָג, אלצ גרינגער אונ פריידיקער וועט זײַנ דאָס לעבנ.

מיר בויענ פאבריקנ צוליב דעמ, ס'זאָל ניט זײַנ קיינ אָרעמ־קײַט, קיינ שמוצ, קיינ שלאפקײַטנ, קיינ ארבעטלאָזיקײַט, קיינ ארבעט איבער די קויכעס, אז דאָס לעבנ זאָל זײַנ א פארשטאנ־דיקס אונ א גערעכטיקס. מיר בויענ פאבריקנ צוליב דעמ, אז בא אונדז זאָל זײַנ וואָס מער מעכאנישע באהעלפערס — מאשינעס אונ אז דידאָזיקע מעכאנישע באהעלפערס זאָלנ געהערנ אלע־מענ גלײַכ, זאָלנ ארבעטנ אפ אלעמענ.

מיר ווילנ אויסבויענ אינ לאנד א נײַע, ניט געוועזענע אָרדענונג — א סאָציִאליסטישע אָרדענונג.

# II. אויסשפירערס פונעמ פינפיאָר

## 1. אויסשפירערס פונעמ פינפיאָר

ס'איז גרינג צו זאָגנ — אויסבויענ הונדערטער נײַע שטעט, טויזנטער זאוואָדנ. אונ פונ וואָס וועט מענ זיי בויענ? ניט פונ דער לופט דאָכ. צי וועט קלעקנ בא אונדז ציגל, צעמענט, גלאָז פאר די געבײַענ? צי וועט קלעקנ אײַזנ פאר די מאשינעס?

גרייטע מאטעריאלנ איז בא אונדז דאָ ווייניק, אָבער רוי־ווארג איז בא אונדז דאָ וויפל דו ווילסט.

אויב איר זעט פונעמ וואגאָנ־פענצטער בלויז פוסטע פלעצער, וועלדער אונ זומפנ, הייסט עס, אז איר זעט ניט גאָרניט.

פוסטע פלעצער — דאָס איז ליימ, זאמד, שטיינ.

וואלד — דאָס איז קלעצער, קראָקוועס, שפארעס, שפאלעס.

טאָרפ־זומפנ — דאָס איז עלעקטרישער שטראָמ.

פונ ליימ אונ זאמד וועלנ מיר מאכנ ציגל, פונ ליימ אונ קאלכ — צעמענט, פונ אײַזנארצ — אײַזנ.

רויווארג וועט זיכ בא אונדז געפינענ. אונ די ערשטע אופגאבע, פונ וועלכער מע דארפ אָנהייבנ — דאָס איז די אויסשפי־רונג. מע טאָר ניט אָנהייבנ קיינ שלאכט אָנ קיינ אויסשפירונג. אונ די אויסשפירונג גייט.

אלע יאָר שיקנ מיר עקספעדיציעס אינ די סאמע ווײַטסטע עקנ — הינטערנ פאָליאר־קרײַז, אינ די מידבאָריעס פונ קאזאק־סטאנ, אינ די בערג פונ אלטײַ אונ פאמיר.

איינ מאכנע קריכט ארומ ערגעצ אינ סיביר איבער דער זומפּיקער טונדרע. זיי גייענ אָנ מאפּעס, קימאט אינ דער וועלט אריינ. מענטשנ אינ שווארצע זיפּ־מאסקעס. אנדערש וועסטו זיכ ניט אָפּראטעווענ פונ די קאָמארנ אונ פליגעלעכ. גייט די מאכנע, אונ צוזאמענ מיט איר, ניט אָפּטרעטנדיק אפ קיינ שפּאנ, רוקט זיכ פאָרויס א פלײַענדיקע קאָמארנ־עקספּעדיציע. די טונדרע איז ווי א פלאטשיקער טעלער, אָנ איינ בערגעלע, אָנ איינ ביימעלע.

אונ אינ דערזעלבער צײַט גייט אומ אפּנ ווײַטנ דאָרעמ אנ אנדער מאכנע אויסשפּירערס. זיי גייענ איבער א בארג־שטעגל, ווי איבער א געזימס פונ א ריזיקער וואנט. אונטער די פיס — הונדערטער מעטער פּוסטער רוימ. וועסט זיכ איבערשרעקנ, וועסטו אראָפּפלײַענ. דײַנע ביינער וועט מענ נאָכדעמ ניט געפינענ. אָבער דער אויסשפּירער טאָר ניט וויסנ פונ קיינ שרעק. אונ מענטשנ גייענ, צוגעטוליעט מיטנ גאנצנ קערפּער צו דער שטיינערנער וואנט, פאָרזיכטיק טאפּנדיק מיט די באָרוועסע פיס אנ אָנשפּאר אינ די פעלדזנ.

פאר 10 יאָר — פונעמ 1919 יאָר — האָט די וויסנשאפט־אקאַדעמיע ארויסגעשיקט 371 עקספּעדיציעס!

דאָס איז בלויז די וויסנשאפט־אקאדעמיע. אונ וויפל אויס־שפּירערס האָבנ ארויסגעשיקט אנדערע אונדזערע וויסנשאפט־לעכע אינסטיטוטנ! וויפל אינזשענערנ זײַנענ פארנומענ אפ פאָרש־ארבעט דאָרט, ווו ס׳איז באשלאָסנ געוואָרנ דורכצופירנ אײַזנבאנ־ליניעס, אויסגראָבנ קאנאלנ, מאכנ קוילנ־גרובנס, אויסבויענ זאוואָדנ.

איבערנ גאנצנ לאנד ארבעטנ אויסשפּירערס.



מאכנע אויסשפּי־ ערס אינ פּאמיר.

## 2. וואָס זאָגן די אויסשפּירערס

וואָס־זשע זאָגן זיי? צי איז זיי געלונגען עפּעס צו אַנטדעקן?

זיי זאָגן, אַז מיר קענען נאָך לאַכלוטן ניט אונדזער לאַנד. זיי זאָגן, אַז אונדזער לאַנד איז נאָך ניט אַנטדעקט.

אין קאַרעליע, הינטערן פּאָליאַר־קרײַז, אינמיטן דער טונדרע, האָבן זיי געפונען ריזיקע כּיבינער בערג. און ווייסט איר, פון וואָס דידאָזיקע בערג זײַנען? פונעם סאַמע טײַערסטן רויוואַרג — פון נעפעלין און אַפּאַטיט. נעפעלין וועט אונדז געבן גלאָז און אַליומיני. אַפּאַטיט וועט אונדז געבן סופּערפאָספאַט — באַגי־טיקונג פאַר אונדזערע פעלדער. און דאָסדאָזיקע רויוואַרג איז דאָרטן פאַראַנען אין די צענדליקער, הונדערטער מיליאָנען טאָן.

אין מידבר קאַראַ־קום האָט מען זיך אָנגעשטויסן אף מאָדנע בערגעלעך. גלײַך ווי ריזן וואָלטן זיך דאָ געשפּילט און געמאַכט פון זאַמד ציגעלעך. אַז מע האָט אַ בישטער געטון אין דידאָזיקע בערגעלעך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט קיין זאַמד, נאָר אַ געמיש פון זאַמד מיט שוועבל. און שוועבל קויפן מיר אין איטאַליע, פּירנ אַזוי ווײַט און צאָלן פאַר אים גרויסע געלטן. שוועבל דאַרפן מיר האָבן אי אף אויסצואַרבעטן פּאַפּיר, אי אף אויסצואַרבעטן גומע. מיט שוועבל באַשפּריצט מען ווײַנ־טרויבן און בוימוואָל, קעדיי אָפּצוראַטעווען זיי פון שעדיקער. און מיטאַמאָל ווײַזט זיך אַרויס, אַז שוועבל איז בײַ אונדז דאָ וויפל דו ווילסט.

אין סיביר האָבן די אויסשפּירערס געפונען אָזערעס מיט זעלבסט־אָפּגעזעצטער סאָדע. און איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס סאָדע? דאָס איז אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס אָן אים קען מען ניט מאַכן קיין זייף. און ניט בלויז קיין זייף, נאָר אויך אַסאַך



הארבסט 1928 יאָר האָט מענ אפ אוראל, אינ דאָרפ „ווערכניעטשוסעווסקיע גאָראָדקי". אפ א פרווו געמאכט א בויער־שפאלט. מע האָט געזוכט קא־לי־זאלצ, אונ געפונענ האָט מענ — נאפט. דער נאפט האָט זיכ א זעצ געטונ פאָנטאנענווייז. אפנ געמעל — א נאפט-טורעמ. אינגיכנ וועט שוינ פונעמ דאָרפ גאָרניט ניט בלייבנ. אנשטאָט הייזער וועלנ זיינ בלויז טורעמס.

אנדערע זאכנ. סאָדע מאכט מענ פונ זאלצ, אינ גרויסע זאוואָדנ. אונ זי ליגט אינ די אָזערעס א פארטיקע — קומ נאָר אונ נעמ!

אינ יאקוטיע האָבנ די אויסשפירערס אנטדעקט ריזיקע פעלדזנ — העכער פונ א זעקסשטאָקיקנ הויז — פונ דער ריינסטער שטיינזאלצ. אָבער זאלצ האָבנ מיר אינ אנדערע ערטער אויכ. די אויסשפירערס האָבנ געפונענ אינ יאקוטיע א מער וונדער־לעכע זאכ — ריזיקע דורכזיכטיקע קריסטאלנ גיפס. פינפ אונ דרייסיק אפ פינפ אונ דרייסיק סאָנטימעטער! עמעס טאפליע-גלאָז, נאָר ניט פונ קיינ גלאָז! נעמ אונ שטעל אריינ גלייכ אינ פענצטער. אונ כאָנדרילע אינ קאזאקסטאנ! כאָנדרילע איז

אזא געוויקס. אפ די קוסטעס פון כאָנדרילע האָבן די געלערנטע באמערקט עפּעס מאָדנע הײַטלעך אזעלכע. מ׳האָט אויסגעפּאָרשט. האָט זיך ארויסגעוויזן, ס׳איז קאוטשוק. און מיר פירן ארײַן קאוטשוק פאר אונדזערע גומע־זאַוואָדן פון אויסלאנד.

די יעדיע וועגן דער אנטדעקונג פון כאָנדרילע האָט נאָך ניט באוויזן זיך צו פארשפרייטן איבערן לאנד, ווי מע האָט געפונען נאָך א מער ווערטיקן געוויקס—טאר־סאגיז. טאר־סאגיז פארמאָגט אויך קאוטשוק. געלערנטע זאָגן, אז אפ דער גאנצער וועלט איז ניטאָ אזא געוויקס, וואָס זאָל געבן אזויפיל קאוטשוק ווי טאר־סאגיז.

ס׳איז דען איבערצורעכענען אלץ, וואָס די אויספאָרשערס האָבן געפונען!

אָבער די אויספאָרשערס ארבעטן ניט נאָר אין די וועלדער, סטעפּעס און מידבאָריעס. אין יעדער לאבאראטאָריע ארבעטן אויספאָרשערס. זיי זאָגן: ניט אלע דארפן זיך אוועקלאָזן אפ טויזנט קילאָמעטער, זיך ווייקן אונטערן רעגן, קלאפן מיט די ציין פון ביטערער קעלט. מיר וועלן אָט דאָ, אפ דעמדאָזיקן טיש, אין דידאָזיקע גלעזערנע קאָלבנס און פּראָבירלעך געפינען פאר די זאוואָדן און פאבריקן טײַער רויוואַרג. מיר וועלן אויסלערנען די זאוואָדן צו באקומען רויוואַרג פונעם אָפּפאל, פון דעם, וואָס נוצט קיינעם ניט, פון דעם, וואָס איז דאָ אומע־טום, וואָס וואלגערט זיך אונטער די פיס.

און אָט האָט מען שוין אויסגעפונען א מיטל, וויאזוי צו מאכן פּאפּיר און קארטאָן פון טשערעט, דינעם געוואנט פון פּאָשע־טער גראָבער וואָל, צוקער פון די אָפּפאלן פון צוקער־זאוואָדן.

רויוואַרג וועט בא אונדז קלעקן. פאר דעם איז זיך ניטאָ וואָס צו זאָרגן. סע דאכט זיך נאָר אויס, אז אונדזער לאנד איז

אָרעמ און וויסט. אפ די טאָרפ־זומפּנ וועלנ מיר אויסבויענ עלעקטראָסטאנציעס און מיר וועלנ פונ דאָרטנ שיקנ טאָרפ דורכ די דראָטנ — עלעקטרישנ שטראָמ. פונ טענע וועלנ מיר מאכנ פּאפּיר. די סטעפּעס, וואָס זײַנענ פּארוואָקסנ מיט ווילדגראָז, וועלנ מיר צעאקערנ און פּארזייענ, און זיי וועלנ געבנ ברויט.

ס׳וועט נאָכ קומענ א צײַט, אז מיר וועלנ דעמ ווינט, וואָס בייגט די קוסטעס, אויכ צווינגענ צו ארבעטנ. אונדזערע געלע־רנטע האָבנ צוגעקלערט א נײַעמ נוצלעכנ ווינט־באוועגער.

און אונטער דער ערד — דאָרט פּארמאָגנ מיר קוילנ, אײַזנ, צינק, קופּער. מיר הייבנ ערשט אָנ דאָס אלצ צו אנטדעקנ.

צוריק מיט פינפ יאָר האָבנ מיר געמיינט, אז אינ סיביר, אינעמ קוזנעצקער באסיינ, פּארמאָגנ מיר 250 מיליאַרד טאָנ קוילנ. און איצטער האָבנ די אויסשפּירערס געפונענ דאָרט נאָכ 150 מיליאַרד טאָנ. אָט דאָס הייסט א געפינס! דאָס איז דאָכ א בארג קוילנ פונ פינפ קילאָמעטער די הייכ. וויאַזוי־זשע האָט מענ עס אזא בארג ניט באמערקט?

מ׳האָט דערפאר ניט באמערקט, וואָס קוילנ ליגנ ניט אפ דער ערד, זײַנענ ניט אָנגעשאָטנ אינ א קופּע. זיי ליגנ טיפ אונטער דער ערד — שיכטנווײַז. פונויבנ זעט מענ דאָכ ניט, צי ס׳איז דאָ אונטער דער ערד קוילנ, צי ס׳איז ניטאָ. קעדיי זיכ צו דערקלײַבנ צו זיי, דארפ מענ אינ דער ערד אויסבויערנ א לאָכ — אנ עפענונג. און דאָס איז ניט אזוי פּאָשעט. ס׳איז גרינג דורכצובויערנ א ווייכנ געשטיינ. און טאָמער איז דאָרט א הארטער שטיינ? סע טרעפט, אז קיינשומ שטאָל נעמט אימ ניט — קומט אויס צו בויערנ דעמ געשטיינ מיט א דימענטענעמ עקבויער.

נאָר לאָמיר שוין ניט רעדן פון קוזנעצקער באסיין! אין קוז־נעצקער באסיין האָבן מיר דאָך ערשט אָן צו בויען שאכטעס. אין דאָנבאס גייט שוין די ארבעט א האלבן יאָרהונדערט. נו, איז וואָס־זשע, קענען מיר דאָנבאס? ניין, מיר קענען אים ניט.

אונדז קומט אויס צו גראָבן שאכטעס קימאט אין דער וועלט אריין, ניט אויספאָרשנדיק אפילו ווי געהעריק, וואָס איז דאָס פאר א שיכט, צי גייט ער ווייט, צי האלט ער אומע־טום געניג די גרעב.

און אייזן!

מיר האָבן דען געוווּסט צוריק מיט עטלעכע יאָר, אז אין נידער־וואָלגע איז דאָ אייזן? און איצטער האָבן מיר שוין אָן צו בויען דאָרטן א גרויסן זאוואָד — דעם כאָפּערער מעטאלור־גישן. דערדאָזיקער זאוואָד וועט אונדז געבן 650 טויזנט טאָן טשוהון א יאָר.

דאָסזעלבע איז מיט נאפט. ניט לאנג האָט דער פּראָפעסער פּרעאָבראזשענסקי געפונען נאפט דאָרט, ווו מיר האָבן אים פריער אפילו ניט געקלערט צו זוכן — 40 קילאָמעטער פון פּערם.

און געלערנטע זאָגן, אז נאפט דארף זיין בא אונדז אפן גאנצן מעהאלעך פון מיטל־וואָלגע ביז אוראל.

מיט איין וואָרט, מע דארף אומעטום א פּיק טון די ערד־קאָרע מיטן „שפּילקעלע" — מיטן אויסשפּירנדיקן עקבויער. די אויסשפּירונג גייט. אין אסאך ערטער שטייען שוין אף דער־ערד שטאָלענע לאנגפיסיקע ריזן — טורעמס פון עקבויער־מאשי־נעס. שטאָלענע און דימענטענע בויערס בויערן די ערד, לעכערן דעם שטיין, דערקלייבן זיך צו די רייכקייטן, וואָס זיינען פארבא־האלטן אונטער צענדליקער און הונדערטער מעטערס פון „פּוסטן", אומנוצלעכן געשטיין.

## 3. יעדער שילער דארף זײַן אַן אויסשפּירער.

יעדער שילער טרוימט וועגן אַ רײַזע אין ווײַטע לענדער — קיין אַפריקע, קיין אַמעריקע, קיין אינדיע.

אָבער צוליב וואָס דאַרף מען פאָרן אַזוי ווײַט? צי קענט איר דעם קאַנט, אין וועלכן איר וווינט? צי קענט איר זאָגן: צי זײַנען דאָ אין אײַערע קאַנטן טאָרף־זומפּן, בוי־וואַלד, קאַלכשטיין, פאָספאָריטן, ציגל־ און טאָפּ־ליים, בוי־זאַמד?

איר ווייסט עס, פאַרשטייט זיך, ניט.

און די ערשטע רײַזע, וואָס איר דאַרפט מאַכן, — דאָס איז אַ רײַזע אין דער אומגעגנט פון אײַער שטאָט אָדער אײַער דאָרף.

אָרגאַניזירט עקספּעדיציעס, שטעלט צונויף גענויע קאַרטעס. אויף דידאַקטישע קאַרטעס מערקט אָן, וואָס קען צונוץ קומען פאַרן פּינפּיאָר.

טוט אַ בעט די עלטערע כאַווײרים און די לערערס, זיי זאָלן אײַך העלפן. לערנט זיך אויס בײַ זיי צו באַשטימען מינעראַלן.

איר קענט דאָך נאָך ניט קוקן. ס'איז אַ סאָפּעק, צי וועט איר אונטערשיידן אַ שטיקל ערץ פון פּאָשעטן שטיין. און אַן אויסשפּירער דאַרף דאָס קענען.

און ביכער אַליין איז צוליב־דעם ווייניק. דאָ דאַרף מען אַליין אַ קוק טון און אַ טאָפּ טון.

געדענקט, אַז דאָס לאַנד, וווּ איר וווינט, איז נאָך ניט אַנטדעקט.

אַנטדעקט עס!

---

# III. באַצווינגערס פונעם אייגענעם לאַנד

## 1. באַצווינגערס פונעם אייגענעם לאַנד

גלײַך נאָך די מאַכנעס אויסשפּירערס גייט אַן אַרמיי באַ־צווינגערס, אַן אַרמיי אַרבעטער.

וואָס גייען זיי אײַננעמען?

זיי גייען אײַננעמען זייער אייגן לאַנד.

אָבער מע דאַרף עס דען אײַננעמען? צי דען איז דאָס לאַנד, אין וועלכן מיר וווינען, ניט אונדזערס?

ניין, ניט אונדזערס. פֿרעגט בײַ געלערנטע מענטשן. זיי וועלן אײַך זאָגן, אַז בײַ אונדז איז נאָך דאָ זייער אַסאַך ניט קיין באַהערשטע ערד, ניט קיין באַהערשטע וועלדער און סטעפּעס. און וואָס באַטײַט ניט באַהערשטע? דאָס באַטײַט, אַז מיר הערשן ניט איבער איר, מיר זײַנען ניט קיין באַלעבאַטים איבער איר.

און אינדערעמעסן: קענען מיר דען אָנרופן פֿאַר אייגענע די ניט־באַוווינטע סטעפּעס? קענען מיר דען אָנרופן יאַקוטיע פֿאַר אונדזערע? יאַקוטיע — דאָס איז אַ ריזיקע געגנט, דאָס איז אַ פֿינפטכיילעך פֿון אונדזער גאַנצן פֿאַרבאַנד. און וויפֿל מענטשן וווינען דאָרטן? 280 טויזנט. אין גאַנץ יאַקוטיע איז דאָ אַזויפֿיל אײַנוווינער, ווי אַף עטלעכע גאַסן אין לענינגראַד אָדער אין מאָסקווע! אין יאַקוטיע איז דורכויסיקע וועלדער. יעדן זומער מאַכן דאָרט די סרייפֿעס אַ טעל פֿון טויזנטער העקטאַר וואַלד.

אין יאקוטיע איז אויך דאָ קוילן, און אײַזן, און זילבער, און בלײַ, און גאָלד.

אָבער די קוילן, וואָס ליגן ניט גערירט אונטער דער ערד, דאָס זײַנען נאָך דערווײַל קײנעמס קוילן ניט. און דער וואלד, וואָס מיר האקן אים ניט און מיר היטן אים ניט אָפּ, דאָס איז נאָך קײנעמס וואלד ניט. דאָס אלץ וועט זײַן אונדזערס, אויב מירן וועלן. אָבער דערווײַל איז עס קײנעמס ניט.

אונדזערע סטעפּעס וועלן ווירקלעך ווערן אונדזערע ערשט דעמאָלט, ווען מיר וועלן קומען מיט קאָלאָנעס טראקטערס און וועלן אופהײבן מיט אקערס דעם טויזנטיאָריקן מאסיוו.

אָט דעמאָלט וועלן עס זײַן אונדזערע סטעפּעס. אָבער דער־ווײַל זײַנען זײ קײנעמס ניט.

מיר דארפן אנטדעקן און אײַנעמען דאָס לאנד, אין וועלכן מיר וווינען. דאָס איז א ריזיק לאנד. ניַין טויזנט קילאָמעטער פון מײַרעוו אפּ מיזרעך, פיר מיט א האלבן טויזנט פון צאָפן אפּ דאָרעם. דער וועלט־פּאָליוס פון קעלט אין ווערכאָיאנסק — דאָרט טרעפט זיך זיבעציק גראד נידעריקער פון נול! און טראָפּישע היץ אין סאמארקאנד — דאָרט איז זומער פּונקט אזוי הײס, ווי אין אפריקע, בא די קוואלן פון נילוס. שנײ און אײַז אין צאָפן, פּאלמעס — אין דאָרעם.

אָט אפּ וואָס פאר א ריזיקן פּראָנט וועט אונדז אויסקומען מילכאָמע צו האלטן.

און דאָס פּינפּיאָר — דאָס איז אײנער פון די ערשטע גרויסע שלאכטן. ס׳וועט אויסקומען צו גראָבן ערד, ברעכן פעלדזן, דורכלײגן שאכטעס, אופשטעלן געבײַדעס. ס׳וועט אויסקומען אויסצוגראבלען פון דער ערד, אופהײבן, איבערטאסקען מיליאָנען טאָן ארץ, בוי־מאטעריאלן, קוילן, טאָרף.

וואָס־זשע, מיט די הענט וועלן מיר דאָס אלצדינג טון? מיט א לאָפּעטע, א קירקע, א ברעכ־אײַזן?

ניין, דאָ דארף מען האָבן אנדער געצײַג.

דאָ דארף מען האָבן אזא לאָפּעטע, זי זאָל מיטאמאָל אופהייבן א וואגאָן ערד. דאָ דארף מען האָבן אזא מין ברעכ־אײַזן, ער זאָל מיטאמאָל צעברעכן אַפּ פּיצלעך ריזיקע פעלדזן.

אָבער ווען מע זאָל שוין אפילע מאכן אזא לאָפּעטע אָדער אזא ברעכ־אײַזן, איז ווער וועט זיי אופהייבן? קומט אויס, אז מע דארף נאָך האָבן ארבעטער־ריזן.

זײַנען דען פאראן ארבעטער־ריזן?

פאראן.



בויער־מאשינעס „סאנדערסאָן“ אפן דניעפּערבוי טורעמס אפ שטאָלענע פיס. אויבן — א בלאָק. דורכן בלאָק איז איבערגעוואָרפן א קאנאט. אפן קאנאט הענגט א דאָלעטע פון 80 קילאָמעטער די וואָג. די דאָלעטע הייבט זיך אוף און לאָזט זיך אראָפּ. און בא יעדער פאל גיט זי א זעץ אין שטיין און צעדרויבלט אים. יעדער סעקונדע — א זעץ. 60 קלאפּ אין א מינוט. פאר א מעסלעס האקט די דאָלעטע אויס 8 מעטער אינעם גראניט. מע קען דורכבויערן אין דער טיפ פונעם פעלדז 200 מעטער.

## 2. ארבעטער—ריזן

ס׳איז פאראן א ריז אן ערדגראָבער. האָבן האָט ער איין־גאנצן איין האנט, אָבער דידאָזיקע האנט האלט צוואנציק מעטער די לענג. אין דער האנט האָט דער ערדגראָבער א לאָפּעטע. דאָס איז, אז מע וויל, אפילע ניט קיין לאָפּעטע, נאָר א ריזיק שעפל אָדער א לעפל מיט א לאנג הענטל. אין ביידל איז דאָ זיבן עלעקטראָמאָטאָרן און איין מענטש. פאר יעדער באווע־גונג פארמאָגט דער ערדגראָבער א באזונדער מאָטאָר, אזוי־ווי א באזונדער מוסקול.

צום אלעם ערשטן לאָזט דער מאשיניסט אין גאנג איין מאָטאָר. דער לעפל שניידט זיך אריין אין דער ערד מיט ציינער פון געקאָוועטן שטאָל. נאָר אָט איז ער שוין פול מיט ערד. דעמאָלט קומט די ריי פארן צווייטן מאָטאָר. די האנט דרייט זיך אויס פאמעלעך ארוף, אופהייבנדיק דעם לעפל מיט ערד. סטאָפּ! דער דריטער מאָטאָר הייבט אָן זיינס. דער ערדגראָבער קערעוועט זיך אויס „לינקס" ארום, ווי א סאָלדאט אפ דער לערע. און דאָרט איז שוין אָנגעגרייט א וואגאָן פאר דער ערד. דער



...ן הייב־קראן. באוועגט זיך ...איבער פעלדער. אין דעם ...ביידל זיצט א מאשיניסט. צו ...ער שטריק איז אָנגעהאנגען ...ן שעפל. סע קען זיך עפע־...ען און פארמאכן. דער קראן נוצט זיך מיט אים ווי מיט ...ן לאָפּעטע: נעמט אָן א הויפן קוילן, קוועטשט ווי ...ווי אין א קולעק און טראָגט זיי אוועק.



א שניטער. דער לאנגער פיסק פונ דער מאַ
איז אָנגעזעצט מיט שאַרפע ציינדלעכ. די אש
בײַסט זיכ אײַנ מיטנ פיסק אינ דער קויל־וואַג

מאשיניסט טוט א צי א קײט, דער דנאָ פונעמ לעפל עפנט זיכ אופ, אונ אנ ערדענער וואסערפאל טוט זיכ א וואלגער ארײַנ אינ די אײַזערנע געדערימ פונעמ וואגאָנ.

ס'איז דאָ א צווייטער ריז — א טרעגער. ער איז געראָטנ אינ זײַנ כאוועך דעמ ערדגראָבער. ער האָט אויכ א ריזיקע האנט, אָבער אינ דערדאָזיקער האנט האלט ער ניט קײנ לאָפעטע, נאָר א קאנאט מיט א האקנ אפנ עק. אויב מע דארפ אופהייבנ א מאסע, כאפט זי דער טרעגער־ריז מיט זײַנ האקנ אונ טאס־קעט זי, ווּהינ מע דארפ.

אָט דערדאָזיקער מאסט, וואָס איר זעט אפנ געמעל, — דאָס איז א ריז א ברוקירער. אויב מע דארפ, לאָמיר זאָגנ, אויסבויענ שפארעס פאר א בריק אָדער א דאמבע, בויט מענ אפריִער הילצערנע פאָרמעס, אונ דערנאָכ גיסט מענ ארײַנ אינ דידאָ־זיקע פאָרמעס פליסיקנ בעטאָנ. אָט דאָ טאקע קומט אונדז צו־נוצ דער ריז—ברוקירער. צופוסנס באמ מאסט גיסט מענ ארײַנ אינ א שעפל פליסיקנ בעטאָנ. דער מאשיניסט לאָזט אינ גאנג די מאשינ, אונ דאָס שעפל פליט איבערנ מאסט ארופ. סטאָפ! צוגעלאָפנ ביז ארופ אונ גיסט דעמ בעטאָנ אינ א הילצערנער רינווע. אונ איבער דער הילצערנער רינווע גיסט זיכ דער בעטאָנ

ווי א ריטשקע, גלײַך אין דער פֿאָרמע אַרײַן. א ריטשקע פֿון פֿליסיקן שטיין! און ווו? אינדערלופֿטן, הויך איבער די קעפּ.



א מאַסט אָפּ גיסן בעטאָן. האַלט די הייך 8 מעטער.

אַסאַך מאַשינעס — ריזן האָבן מענטשן צוגעקלערט. ס'זײַנען דאָ מאַשינעס, וואָס בויערן די ערד. ס'זײַנען דאָ מאַשינעס, וואָס קײַען קוילן. ס'זײַנען דאָ מאַשינעס, וואָס זויגן שליים און זאַמד פֿונעם גרונט פֿון טײַך. איין מאַשין האָט זיך אויסגעצויגן אינדערהייך, קעדיי אויפֿצוהייבן הויך די מאַסע. אַן אַנדער מאַשין האָט זיך צונויפֿגעפּלעטשט ווי א לאַטקע צוליב דעם, זי זאָל אַרײַנדרינגען, אַרײַנקריכן אין דער ערד.

איין מאַשין האָט ציין, די צווייטע — א נאָז, די דריטע — א פּויסט. איינע קײַט, די צווייטע זויגט, די דריטע שלאָגט.

און יעדערע האָט זיך איר נאָמען. דעם ערדגראָבער רופֿט מען „עקס־קאַוואַטער", דעם טרעגער — „הייב־קראַן", דעם ברוקירער — „אָנגיס־מאַסט", דער בויערער — „בויער־מאַשין", דעם קוילנגרעבער — „שני־טער". אַסאַך מאַשינעס האָט מען צוגעקלערט, און אַלע וועלן זיי צונוץ קומען פֿאַר אונדזער גרויסער אַרבעט.

# IV. באַצווינגען וואַסער און ווינט

## 1. וואָס איז אונדז בילכער פון אַלץ

בילכער פון אַלץ איז אונדז מאַשינעס.

פאַר יעדער אַרבעט, פאַר יעדער זאַוואָד וועלן מיר דאַרפן האָבן מאַשינעס.

אָבער צוליב דעם, מע זאָל מאַכן אַ מאַשין, איז נייטיק מעטאַל.

און צוליב דעם, אַז די מאַשין זאָל אַרבעטן, איז נייטיק ענערגיע.

וואָס איז דאָס פאַר אַ זאַך — ענערגיע און פונוואַנען קענען מיר זי נעמען?

זי איז דאָ אַרום אונדז וויפל מע וויל. אַ ווינט בלאָזט — דאָס איז ענערגיע.

אַ וואַסערפאַל — דאָס איז ענערגיע. אַ שטיקל שטיינקויל — דאָס איז ענערגיע.

אַ שײַט האָלץ, וואָס איר וואַרפט אַרײַן אין הרובע — דאָס איז ענערגיע.

ווינט, וואַסער, קוילן, האָלץ — זיי זײַנען נישט קיין לעבעדיקע, אָבער מע קען זיי נויטן אַרבעטן, מע קען זיי צווינגען צו

דרייען די רעדער פון מאשינעס. אין די באקוועמע נאפט־געווערבן פאַכט דער ווינט מיט די פליגל פון א ווינט־טורעם און דער ווינט־טורעם פּאָמפּעט נאפט פון אונטער דער ערד.

אפ וואָלכאָווער דרייט דאָס וואסער די רעדער פון וואסער־באוועגערס — טורבינעס, און די טורבינעס לאָזן גיין די מאשינעס, וואָס באקומען ארויס עלעקטרישן שטראָם.

אין יעדער לאָקאָמאָטיוו זידן די קוילן אופ דאָס וואסער און פארוואנדלען עס אין דאמף, און דער דאמף שטויסט די קאָלבנס פון די דאמף־מאשינעס.

הייסט עס, די ערשטע אופגאבע אונדזערע, דאָס איז — ארויס־באקומען ענערגיע פאר אונדזערע מאשינעס.

## 2. וואָס קאָן אונדז געבן דער ווינט

אין מאָסקווע, אפ וואָזנעסענסקער גאס, איז דאָ א מאָדנע געבײַדע. זי וואָלט ניט ארויסגעקומען מאָדנע, ווען ניט דער הויכער טורעם, וואָס שליסט זיך אָן אין דער געבײַדע פון דער רעכטער זײַט. דער טורעם איז א פירעקעכיקער, א בלינדער, קימאט אָן פענצטער. און אפ אים שטייט א צווייטער טורעם, א דורכיקער, פון אײַזערנע באליקעס. און סאמע פונויבן אפן צווייטן טורעם דרייט זיך, ווי א פליוגער, עפּעס א גרויס און אומפארשטענדלעכס, געראָטן אין א אעראָפּלאן פון עפּעס אן אומגעזעענער פאָרם. דאָ איז דער אָפּטייל פון ווינט־באוועגונג צ א ה י, צענטראלער אעראָ־הידראָלאָגישער אינסטיטוט. דאָ דערפינדעט מען ווינט־באוועגערס.

און דאָס, וואָס סע דרייט זיך פונויבן, דאָס איז א נײַער ווינט־באוועגער פון צ א ה י.



אָפּטייל פונ ווינט-באַוועגערנ באמ צענטראַלנ אַעראָ-הידראָ לאָגישנ אינסטיטוט. אויבנ אפ טורעמ — א ווינט-באַוועגער

ווענ מיר זאָלנ אוועקשטעלנ אזעלכע באַוועגערס איבערנ גאנצנ לאנד, וואָלטנ מיר באַקומענ ענערגיע מערער, ווי מע דארפ האָבנ בא הײַנטיקנ טאָג אפנ גאנצנ ערד־קײַלעכ. אָבער מיט דער צײַט וועט זיכ די הויצאָע פונ ענערגיע פארגרעסערנ אינ אסאכ מאָל. אָט דעמאָלט וועט מענ אומעטומ, ווו סע בלאָזנ שטארקע ווינטנ, אוועקשטעלנ ווינט־טורעמס. דאָס גאנצע לאנד וועט זײַנ באַדעקט מיט א נעצ עלעקטרישע דראָטנ. אונ אלע ווינט־עלעקטראָסטאנציעס וועלנ ארבעטנ אפ דערדאָזיקער נעצ.

די ווינט־טורעמס וועלנ זײַנ צעשטעלט אינ א שטרענגער אָרדענונג, אזוי ווי פיגורעס אפ א שאכמאט־ברעטל. מע וועט זיי דארפנ צעשטעלנ אזוי, אז איינ טורעמ זאָל ניט פארשטעלנ דעמ צווייטנ. ס׳איז דאָכ פאראנענ אויסער א שײַנ־שאָטנ אויכ א ווינט־שאָטנ. אונ אויב איינ באַוועגער וועט זיכ געפינענ אינ

ווינט־שאָטנ פונ א צווייטנ באוועגער, וועט ער ניט קענענ ארבעטנ. מע וועט אויסבויענ ספּעציעלע סטאנציעס, וועלכע וועלנ זאמלענ אונ באהאלטנ די ענערגיע פונעם ווינט צוליב דעם, מע זאָל זיכ קענענ מיט איר באנוצנ, ווענ סע וועט קיינ ווינט ניט זײַנ.

נאָר דאָס איז אלצ אנ אופגאבע פאר די קומענדיקע פינפ־יאָרנ. אונ דאָסדאָזיקע פינפיאָר, דאָס איצטערדיקע, גיט דערוויַיל אזא פארגעבונג: פארבײַטנ אינ דאָרפ די אלטע, שלימאזלדיקע ווינט־מילנ אפ ווינט־טורעמס פונ צ א ה י אונ דערפירנ פאר דידאָזיקע פינפ יאָר די מעכטיקײַט פונ אלע ווינט־באוועגערס ביז 500 טויזנט פערדקראפט.



ווינט - באוועגערס בא די נאפט - געווערבנ אינ באקו. זיי ברענגענ אינ באוועגונג די פּאָמפּעס אונ פּאָמפּענ אויס דעמ נאפט פונעמ בויער-שפּאלט.



„דידע“ אָדער „ניענאסיטעצ“ („קיינמאָל ניט זאט“). דער דניעפּער שוימט אונ פּינעט דאָ, רײַסט זיכ איבער די שוועלנ.

# 3. א מילכאָמע מיטנ טײַכ

אײַנעמענ דעמ ווינט איז א שווערע אופגאבע. נאָכ שווערער איז צו צווינגענ וואסער ארבעטנ.

באַ אונדז אינ לאנד איז דאָ אסאכ בארג-טײַכנ אונ פּלײַנטײַכנ. דידאָזיקע טײַכנ וואָלטנ אונדז געקענט געבנ 65 מיליאָנ פערדקראפט. אָבער צווינגענ דעמ טײַכ צו ארבעטנ איז גאָר ניט אזוי גרינג. דעמ מענטשנ קומט אויס מילכאָמע צו האלטנ מיטנ טײַכ, ווי א דרעסירער מיט א ווילדער כײַע. וועסט זיכ פארקוקנ, וועסט עפּעס טונ ניט אזוי, אונ די כײַע וועט זיכ ארופוואַרפנ אפ דיר אונ וועט דיכ צערײַסנ אפ שטיקלעכ. מיר אלע לייענענ אונ הערנ, אז אפנ דניעפּער בויט זיכ א גרויסע עלעקטרישע סטאנציע. ס׳איז ניטאָ דער מענטש אינ ראטנפארבאנד, וואָס זאָל ניט האָבנ געהערט וועגנ דניעפּערבוי. ס׳איז אָבער דאָ ווייניק אזוינע, וועלכע ווייסנ, וואָס פאר א שרעקלעכנ, פארביטערטנ קאמפּ סע פירנ דאָרטנ די מענטשנ מיטנ טײַכ. דאכט זיכ, א פּאָשעטע זאכ: אויסבויענ אינדערברייט פונעמ



באַם אויבערשליוז. די אַרבעט ווערט געטון אַפן הוילן גרונט פון טײַך.

טײַך א דאַמבע, אוועק־שטעלן וואַסער־טורבי־נעס, און זאָל דאָס וואַ־סער דרייען די רעדער פון דידאָזיקע טורבינעס. דאָס איז אָבער גרינג צו זאָגן, נאָר ניט גרינג צו מאַכן. די דאַמבע, וואָס מע דאַרף אויסבויען אַפן דניעפּער,—דאָס איז דאָך א שטיינערנע וואַנט, די לענג קימאַט א קילאָ־מעטער, די הייך פון א פּילשטאָקיקן הויז. אויס־בויען אַזאַ מין וואַנט אַפּ דער טריקעניש איז ניט גרינג. הײַנט אַז מע דאַרף זי בויען אינדערברייט פון טײַך. און דער טײַך וויל ניט שטיין אַפּ איין אָרט, וואַרט ניט ביז מע וועט אים אײַנשפּאַנען.

## 4. טײַך, צענעם זיך!

טוט א קוק אַפּ די פאָטאָגראַפיעס. איר זעט, די אַרבעט ווערט געטון אַפּ א טרוקן אָרט — אַפן הוילן גרונט פון טײַך. וויאַזוי־זשע האָט מען עס געצווונגען דעם דניעפּער צו צענע־מען זיך? ס׳איז דאָך נאָר איין א מיטעלע קען מען זאָגן „טײַך, צענעם זיך!"

דאָס האָט מען געמאַכט אַזוי: מע האָט אָפּגעגראָוויזעט אַ טייל טײַך מיט צײַטווײַליקע הילצערנע שיידווענט און דער־נאָך האָט מען מיט שטאַרקע פּאָמפּעס אַרויסגעפּאָמפּעט פון אינעווייניק דאָס וואַסער. דער גרונט האָט זיך אָפּגעהוילט, און איצטער אַרבעט זיך אַפן גרונט פון טײַך, ווי אַפ דער טריקע־ניש. אָבער דעם טײַך איז עס ניט געפעלן. די שיידוואַנט איז בא אים ווי אַ בײן אין האַלדז. דורכוואַשן די שיידוואַנט, זיך אַרײַנרײַסן אינעם קעסלגרוב, דערטרינקען די מענטשן און די מאַשינעס! און ס'איז געווען אַ פאַל, ווען דעם טײַך איז געלונ־גען זיך דורכצורײַסן! דאָס איז געשען דעם 24 יוני 1928 יאָר. פּלוצים האָט עס דורכגעוואַשן די אונטערשטע שיידוואַנט. דאָס וואַסער האָט אַ שפּאַר געטון אינעווייניק אינעם קעסלגרוב.

עפּעס פאַר איין שאָ האָט זיך דער ריזיקער קעסלגרוב אָנ־געפילט מיט וואַסער. די מענטשן האָבן קאַם באַוויזן צו ראַטע־ווען זיך אַליין און די מאַשינעס. מ'האָט אַראָפּגעלאָזט טוקערס געווירע צו ווערן, וואָס איז דאָ. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער טײַך האָט דורכגעוואַשן אונטער דער שיידוואַנט אַ גרויסע לאָך — פופצען קוואַדראַט־מעטער. מיט גרויסע שוועריקײַטן האָט מען פאַרלייגט די לאָך מיט זעק שטרוי און שטיין. און



אַן עקסקאַוואַטאָר. אַן אַרבעטער שטייט אין דער „לאַפּע" זײַנער.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען אויספּאָמפּען דאָס וואַסער. זיבן און צוואַנציק טעג האָט געדויערט, ביז מע האָט דאָס וואַסער אויסגעפּאָמפּעט. זיבן און צוואַנציק טעג איז אויסגעקומען צו פאַריכטן דאָס, וואָס דער טײַך האָט אָפּגעטון פאַר איין שאָ.

## 5. וויאַזוי דער טײַך האָט איבערגעקערט א שטאָלענע וואַנט

אָבער נאָך א גרעסערער אומגליק איז פאָרגעקומען דעם 12 יולי. אַפ דער שײדוואַנט פונעם רעכטן קעסלגרוב איז געגאַנגען די אַרבעט: מ׳האָט אַרײַנגעקלאַפּט לעבן דער הילצערנער שײדוואַנט שטאָלענע פּאַליעס. ס׳האָבן געאַרבעט צוויי גרויסע קראַנען. זיי האָבן געאַרבעט פּינקטלעך און געשווינד אַזויווי צוויי ריזיקע מענטשן. גענומען פון דער קופּע פּאַליעס איין פּאַליע, האָט זי דער קראַן אויפגעהויבן הויך, אַראָפּגעלאָזט זי אַפן אָרט און אַרײַנגעקלאַפּט מיטן דאַמפּהאַמער. דערנאָך האָט ער זיך ווידעראַמאָל אויסגעדרייט צוריק נאָך א צווייטער פּאַליע. איינס אַזייגער באַטאָג איז נאָר געבליבן אָוועקצושטעלן די לעצטע ווינקל־פּאַליע.

„און פּלוצים,— דערציילט איינער פון די אינזשענערן,— איז א טייל פון דער שטאָלענער וואַנט אָפּגעגאַנגען פון דער



דער עקסקאַוואַטער קערט איבער די „לאַפּע“ און שיט אויס די ערד מיט די שטײנער אַפ דער פּלאַטפאָרמע.

שיידוואַנט און האָט אָנגעהויבן פאַלן אין וואַסער אַרײַן, אָפּ־רײַסנדיק די שטאָלענע קאַנאַטן, אַרויסרײַסנדיק די באַלקנס פון דער שיידוואַנט און מיטשלעפּנדיק מיט זיך די רעלסן־ליניע. אין מעשעכ פון צוויי מיגוט האָט זיך אײַנגעוואַלגערט 701 מעטער וואַנט". מיט שרעק האָבן עס די אַרבעטער און אינ־זשענערן צוגעזען, ניט ווײסנדיק, וויאַזוי צו פאַרהאַלטן די פאַלנדיקע וואַנט. אָבער, צום גליק, איז זי ניט אינגאַנצן אומ־געפאַלן. פון איין זײַט האָבן זי פאַרהאַלטן די שטאָלענע קאַ־נאַטן, מיט וועלכע זי איז געווען צוגעצויגן צו דער שייד־וואַנט, און פון דער צווייטער זײַט האָט זיך די שטאָלענע וואַנט צעריסן קימאַט איבער דער גאַנצער הייך. 500 פּאַליעס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער. 500 טאָן שטאָל!

און וויפל מי איז אומגעקומען!

פאַרוואָס האָט זיך עס געטראָפן?

דערפאַר, זאָגט מען, וואָס די שטאָלענע פּאַליעס זײַנען גע־שטאַנען אויפן גרונט ניט אויף קיין גלײַכן אָרט, נאָר אויף אַ שאַרפן אָנבויג, האָט דער טײַך זי אַראָפּגעשטופּט פון אָנבויג.

מענטשן האָבן זיך געוואָלט אָפּגרויזען פונעם טײַך מיט אַ שטאָלענער וואַנט. און דער טײַך האָט קיין סאַך ניט גע־קלערט און האָט אומגעוואַלגערט די שטאָלענע וואַנט, ווי אַן אַלטן פּלויט.

דאָס מאָל איז געווען נאָך שווערער צו פאַריכטן וואָס דער טײַך האָט אָפּגעטון. מע האָט געדאַרפט אויפהייבן די פאַרטרונקענע שטאָלענע וואַנט פונעם גרונט פון טײַך. דאָס איז אָבער 500 טאָן. ווי קען מען עס אויפהייבן אַזאַ מאַסע? האָט מען באַשלאָסן אָט וואָס צו טון: צעשנײַדן די וואַנט אונ־טערן וואַסער אויף שטיקער און אַרויסשלעפּן זי שטיקערווײַז.

## 6. פֿײַער אונטערן וואַסער

שנײַדן שטאָל, און נאָך אונטערן וואַסער! דאָס האָט קײנער אױפֿן דניעפּערבױ ניט געקענט. מ׳האָט געמוזט אױסשרײַבן פֿון לענינגראַד טוקערס — אױטאָגענערס. דער אױטאָגענער שנײַדט ניט מיט קײן מעסער און ניט מיט קײן זעג, נאָר מיט גאַזן־פֿלאַם. דערדאָזיקער פֿלאַם איז אַ װוּנדערלעכער: ער ברענט און װערט ניט פֿאַרלאָשן אונטערן װאַסער.

האָבן זיך די טוקערס אַראָפּגעלאָזט אױפֿן גרונט פֿון דניעפּער מיט אָנגעצונדענע גאַז־ברענערס און גענומען שנײַדן די שטאָלענע װאַנט. דאָס האָט געדױערט עטלעכע טעג. דערנאָך האָט מען צוגעבונדן צו די שטאָלענע פּאַליעס קאַנאַטן. מ׳האָט אַװעקגעשטעלט אױפֿן באָרט פֿון אַ פּראַכט־שיף עלף שלעפּ־רעדער און אָנגעהױבן שלעפּן.

אַזױ האָט מען זײ שטיקערװײַז טאַקע אַרױסגעשלעפּט.

גאַנצע צװײ כאַדאָשים איז אַװעק אױף דערדאָזיקער גאַנצער אַרבעט. און ערשט דעם 10 סענטיאַבער איז די שטאָלענע װאַנט געװען פֿאַריכט און מע האָט געקענט צוטרעטן צום אױספּאָמפּען דאָס װאַסער פֿונעם קעסלגרוב.

## 7. דרײַ אַרבעט־טעג פֿאַר אַ קאָפּקע

װאָס װעט אונדז געבן דער דניעפּערבױ, װען דער דניעפּער װעט סאָפּקאָלסאָף זײַן באַזיגט?

אױפֿן דניעפּער װעט מען אַװעקשטעלן נײַן טורבינעס. יעדער טורבינע װעט האָבן אַ מעכטיקײַט פֿון 90 טױזנט פֿערדקראַפֿט. דניעפּערבױ — דאָס איז 810 טױזנט פֿערדקראַפֿט.

מע קענ רעכענענ, אז די מעכטיקײַט פונ א שטארקנ מענטשנ איז גלײַכ צו $^1/_{20}$ פערדקראפט. הײסט עס, דער דניעפערבױ — דאָס איז 16 מיט עפעס מיליאָנ מעכאנישע ארבעטער. אונ די־דאָזיקע מעכאנישע ארבעטער װעלנ ארבעטנ פאר א נישטיקער פרײַז.

איר װײסט, װי טײַער ס׳װעט קאָסטנ עלעקטרישע ענערגיע אפנ דניעפערבױ? א קאָפקע אײנ קילאָװאט־שאָ. אונ װאָס הײסט עס א קילאָװאט־שאָ? דאָס איז אנערעכ דרײַ ארבעט־טעג פונ א שטארקנ מענטשנ.

א קאָפקע פאר דרײַ ארבעט־טעג. אָט װיפל ס׳װעט אונדז קאָסטנ די ארבעט פונ יעדער מעכאנישנ ארבעטער אפנ דניעפער־בױ! אױב אזױ, איז דער כעשבנ א קלאָרער: מיר דארפנ בױענ װאסער־עלעקטראָסטאנציעס.

אונ מיר װעלנ זײ בױענ.

בא אונדז ארבעטנ שױנ פינפ גרױסע הידראָסטאנציעס: װאָלכאָװער (הינטער לענינגראד), זעמאָ־אװטשאלער, עריװאנער, לענינאקאנער (אלע דרײַ אפ קאװקאז) אונ קאָנדאָפאָגער (אינ קארעליע). זײ גיבנ אונדז 110 טױזנט פערדקראפט. פינפ גרױסע הידראָסטאנציעס האלטנ מיר אינ בױענ: דניעפראָװער, סװירער, ריאָנער, גיזעל־דאָנער אונ דזאָראגעטער. מיר טרעטנ צו צו בױענ דרײַ גרױסע הידראָסטאנציעס אפ קאװקאז אונ אינ מיטל־אזיע. אונ װיפל קלײנע הידראָסטאנציעס זײַנענ אױס־געבױט אונ װעלנ אױסגעבױט װערנ!

אונ אלע אונדזערע הידראָסטאנציעס װעלנ אונדז יעדער יאָר אײַנשפאָרנ 3—4 מיליאָנ טאָנ קױלנ.

---

# V. קוילנ ארבעטנ

## 1. דער נײַער דאָנבאס

ווו איז בא אונדז מער פונ אלצ קוילנ־גרובנס?

אינ דאָנעצער באסיינ.

וויפל האָבנ זיי געגעבנ קוילנ אינ אָנהייב פינפיאָר?

27 מיליאָנ טאָנ א יאָר.

סאכאקל! אונ מיר דארפנ האָבנ, קעדיי אויסצופילנ דאָס פינפיאָר, 75 מיליאָנ [1]).

וואָס־זשע הייסט עס? מיר האָבנ א טאָעס געהאט אינ כעשבנ צי וואָס? אויב מיר האָבנ א טאָעס געהאט, וועט מענ דאָכ דארפנ דעמ גאנצנ פינפיאָריקנ פלאנ אפּסנײַ צונויפשטעלנ. אניט קאָנ זיכ באקומענ אָט וואָס: מיר וועלנ די זאוואָדנ אויסבויענ, אונ קיינ קוילנ וועט פאר זיי ניט זײַנ, אונ די זאוואָדנ וועלנ שטיינ אפ כויזעק פאר דער גאנצער וועלט.

ניינ, דאָס טאָר מענ ניט דערלאָזנ.

ס׳מעג דונערנ אונ בליצנ, די פארגעבונג דארפ מענ אויספילנ.

אָבער וויאזוי מאכט מענ עס? אונ צי קענ מענ עס מאכנ?

---

[1]) לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ, וועלכנ דער ראטנ־צוזאמענפאָר האָט באשטעטיקט, האָט מענ גערעכנט דערפירנ דעמ קוילנ־ארויסבאקומ ביז 75 מיליאָנ טאָנ א יאָר. איצטער האָט מענ די פארגעבונג פארגרעסערט ביז 125 מיליאָנ, דעמ פינפיאָריקנ פלאנ פונ קוילנ וועלנ מיר אויספילנ אינ דרײַ יאָר. אינ 1931 יאָר האָבנ מיר גענדארפט לויטנ נײַעמ פלאנ ארויסבאקומענ 83,5 מיליאָנ טאָנ.

אינזשענערן זאָגן: מע קען. זיי זאָגן, אז בא אונדז ארבעט מען נאָך אין אסאך שאכטעס מיט די הענט, אָן מאשינעס. זיי זאָגן, אז יעדער אמעריקאנער קוילנגרעבער באקומט ארויס פינף מאָל אזויפיל קוילן וועדליק אונדזערער. וואָס־זשע, אן אמעריקאנער קוילנגרעבער סטארעט זיך מערער? ניין, פאר־שטייט זיך. די זאך דערקלערט זיך פאָשעט: דעם אמעריקאנער קוילנגרעבער העלפט די מאשין.

בא אונדז גייט נאָך אין אסאך שאכטעס די ארבעט אפן אלטן שטייגער: דער קוילנשפאלטער קלאפט מיטן גאנצן קויעך די קוילן מיט א העקל — א „קײַלע". און אין אמעריקע איז שוין ניטאָ קיין קײַלע. דאָרטן האקט אונטער די קוילן א שניטער.

אונדזער קוילנגרעבער דרעליעוועט די קוילן מיט א האנט־בויער. און בא אן אמעריקאנער קוילנגרעבער איז דאָ א העמערל — אן אווטאָמאט, וואָס קלאפט אליין דורך די קוילן.

אונדזער קוילנגרעבער שפאנט זיך אײַן, ווי א פערד, אין א שליטל און שלעפט מיט אלע קויכעס די קוילן צו די ווא־גאָנדלעך. און אין אמעריקע לויפן די קוילן אליין איבער א הילצערנער רינווע, און ווען זיי קומען שוין צום וואגאָנעטל, כאפן זיי אונטער די צײַנדלעך פון דער לאָד־מאשין און אין איין אויגנבליק ווארפן זיי זיי אריבער אין וואגאָנעטל ארײַן



דער קוילנשפאלטער האקט ד
קוילן מיט דער קײַלע האלב־ליגנ
דיק, די פיס אויסגעצויגן א
דעם אויבערשטן האלבן גוף און
געהויבן. פון אזא ארבעט ברענ
דערנאָך רוק און לענד.

בא אונדז זײַנענ ביז איצטער פאראנ אינ די שאכטעס פערד־שטאלנ. סע שטייענ אינ די שטאלנ, אראָפּגעלאָזט די קעפּ, שטילע פערד, וואָס זעענ קיינמאָל ניט די ליכטיקע שײַנ.

אונ אינ אמעריקע ארבעט שוינ לאנג אָנשטאָט א פערד אנ עלקטראָ־לאָקאָמאָטיוו — א פלאטשיקער, ווי אַ שניצ־מעסערל.



דעמראָזיקנ קוילנגרעבער איז שוינ בעסער. ער האלט אינ די הענט א העמערל — אווטאָ־מאט. דורכ דער גומענער קישקע שפּארט אינ האמער ארײַנ צונויפּגעדריקטע לופט אונ שטויסט דעמ קאָלבנ, אונ דער קאָלבנ שטויסט די שארפע דאָלעטע. דער האמער ארבעט שוינ פארנ קוילנגרעבער — יענער דארפ אימ נאָר האלטנ אינ די הענט.

געשווינד יאָגנ זיכ איבער די שטרעקעס די עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיונ אונ פירנ צוגנ מיט וואגאָנעטלעכ צו דער הייב־קאמער.

בא אונדז אינ די שטרעקעס איז א כאשכעס. נאָר ווענ־ניט־ווענ שווימט דורכ אינ דער פינצטערניש א פײַערל — דעמ קוילנגרעבערס לעמפּעלע.

אונ אינ אמעריקע איז אינ די שאכטעס קעסיידער פאראנ עלעקטריע. ליכטיק, ווי אינ צימער. אונ אפילע אפ די היטלענ בא די קוילנגרעבערס איז דאָ עלעקטרישע לעמפּעלעכ.

פארוואָס זאָלנ מיר בא אונדז אזוי ניט אײַנאָרדענענ?

מיר וועלנ עס אויכ אײַנאָרדענענ. בא אונדז זײַנענ שוינ דאָ שאכטעס ניט קײנ ערגערע פונ די אמעריקאנער. סע ארבעטנ שוינ בא אונדז אי שניטערס, אי העמערלעכ—אווטאָמאטנ!

צום סאָפ פינפיאָר וועט בלויז אינ איינ דאָנבאס זײַנ 2.500 שניטערס, 3.500 קאָנווייערס, 80 שאכטע־עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיוונ אונ 100 לאָד־מאשינעס.

מיר וועלנ ניט נאָר איבערמאכנ די אלטע שאכטעס, מיר וועלנ עפענענ צענדליקער נײַע. אינ 1931 יאָר אליינ וועלנ מיר לאָזנ 15 נײַע שאכטעס אונ איבערמאכנ 20 אלטע. צום סאָפ פינפיאָר וועט דער אלטער דאָנבאס ניט זײַנ. ס'וועט זײַנ א נײַער דאָנבאס.

## 2. מיר וועלנ צווינגענ די מייסימ ארבעטנ

וויפל־זשע קוילנ וועט אונדז אינ 1933 יאָר געבנ דער איבערגעארבעטער, נײַער דאָנבאס?

52½ מיליאָנ טאָנ.

אונ מיר דארפנ האָבנ וויפל?



א פערדל שלעפט פאמעלעכ דאָס וואגאָנדל מיט קוילנ.



אונ דאָ פליט מיט זיבנ רוכעס איבערנ שטרעק, איבער ד
אונטערערדישער גאס, אנ עלעקטרישער צוג. בא די קוי
גרעבער אפ די היטלענ איז אָנגעטונ עלעקטרישע לעמפעל

צום וויניקסטנ 125 מיליאָנ.

קומט אויס, אז ס'וועט פונדעסטעוועגנ ניט קלעקנ.

פונוואנענ־זשע וועלנ מיר נעמענ נאָכ קוילנ?

לאָמיר פרעגנ בא די אויסשפירערס.

זיי זאָגנ, אז בא אונדז איז דאָ נאָכ איינ קוילנ־באסיינ, וואָס דאָנבאס איז אנקעגנ אימ א קאַרליק.

אינ סיביר זײַנענ דאָ די הויכע אלטײַער בערג. זייערע שפּיצנ זײַנענ באדעקט מיט אייביקנ שניי. אונ אפ די בארג־זײַטנ וואקסנ געדיכטע, פינצטערע נאָדל־וועלדער. פונ דעמ הויפּט־רוקנ האָבנ זיכ אויסגעצויגנ לאנגע געבערג־צווײַגנ אינ די סיבירער אונ קירגיזער סטעפּעס. באמ צופוסנס פונ דידאָזיקע בערג ליגנ אינ דער ערד קוילנ. אמאָל איז דאָ געוועזנ א יאמ־אויסגוס. דעמ צופוסנס פונ די אלטײַער בערג האָט באוואשנ דער יאמ. גיגאנטישע פּאפּאָראָטנ אונ שאכטל־גראָזנ זײַנענ געוואָקסנ אפ די ברעגנ. צווישנ די פּאפּאָראָטנ זײַנענ ארומגע־גאנ אומגעלומפּערטע גראָבע כײַעס, מיט לאנגע העלדזער, מיט קלייניקע נארישע קעפּ.

יעדער כײַע — די גרייס פונ א פירשטאָקיקנ הויז.



צווישנ פּאפּאָראָטנ זײַנענ אומגע־גאנגענ אומגעלומפּערטע גראָבע כײַעס, מיט לאנגע העלדזער, מיט קלייניקע נארישע קעפּ.

נאָר די יאָרן זײַנען געגאַנגען, ס׳זײַנען אויסגעשטאָרבן די כײַעס, ס׳איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער יאַם, געבליבן איז אפן אָרט פונעם אויסגוס—א גרויסער, גרויסער זומפּ. און שפּע־טער האָט עס אויך דעם זומפּ פארשאָטן מיט זאמד, פארצויגן מיט ליים. די רעשטלעך פון די זומפּ־גראָזן, פּאַפּאָראָטן, שאַכטל־גראָזן האָבן געפּוילט אונטער די שיכטן זאמד און ליים, זײַנען שווארץ געוואָרן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קוילן. און אָט טאַקע אַפּ דעמדאָזיקן בײַסוילעם ווילן מיר קומען, ארויסשלעפּן די מייסים פון זייערע קוואָרים און צווינגען זיי צו ארבעטן אפּ אונדז.

ווי?אזוי־זשע רופט מען דעמדאָזיקן קוילן־ריז, וואָס דאָנבאַס איז אקעגן אים א קאַרליק?

אים רופט מען קוזבאַס, קוזנעצקער באַסיין. אין דאָנבאַס זײַנען די שיכטן קוילן דינע; דאָרטן, אז סע מאַכט זיך א שיכט פון א האַלבן מעטער די גרעב, איז עס שוין גוט. און אין קוזבאַס איז שיכטן פון 2 מעטער רעכענען זיך ניט פאַר קיין גראָבע. דאָרט זײַנען דאָ שיכטן פון 16 מעטער אויך. און ליגן ליגן די שיכטן נעענטער צום אויבערפלאַך פון דער ערד. און די קוילן זײַנען בעסערע. אין וואָס־זשע איז די מעניע? פאַר־וואָס זאָלן מיר ניט א שפּאַר טון אפן קוזנעצקער באַסיין?

מיר וועלן טאַקע א שפּאַר טון. אין 1930 יאָר האָט קוזבאַס אונדז געגעבן 3 מיליאָן טאָן קוילן, אין 1933 יאָר וועט ער אונדז געבן 27 מיליאָן. דאָס איז די ציפער, מיט וועלכער דאָנ־באַס האָט אָנגעהויבן דאָס פינפיאָר. קוזבאַס יאָגט אָן דאָנבאַס. נאָר אָט וואָס ס׳איז שלעכט: פאַר קוזבאַס נעמען מיר זיך ערשט. קוזבאַס איז א „נײַ׳נקער”, דאָרט האָבן מיר אי שאַכטעס ווייניק, אי אײַזנבאַנען ווייניק, און קיין עלעקטראָסטאַנציעס קיין גרוי־סע איז נאָך דערווײַל נישטאָ. און איינס הענגט דאָך אָפּ פונעם

צווייטנ. וויאזוי וועלנ בא אונדז ארבעטנ שניטערס אָדער, לאָמיר זאָגנ, עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיוונ, אויב ס׳וועט ניט זײַנ קײנ שטראָם?

ערשט ניט לאנג האָט אינ הארצ פונ קוזבאס, אינ פּראָקאָ־פּיעווסק, גערבעט סאכאקל אײנ שוואכינקע מאשינ פונ 250 קילאָוואט. 250 קילאָוואט איז א נישטיקע צאָל פאר אזא ריז ווי קוזבאס. ער דארפ האָבנ הונדערטער טויזנטער קילאָוואט. אונ סע בויט זיכ שוינ טאקע אינ קוזבאס די גיגאנטישע קעמעראָ־ווער עלעקטראָסטאנציע מיט א מעכטיקײַט פונ 560 טויזנט קילאָוואט (בא 750 פערדקראפט). דאָס וועט זײַנ אײנע פונ די גרעסטע סטאנציעס אינ דער וועלט.

## 3. וואָס דארפנ מיר נאָכ, אויסער מאשינעס אונ עלעקטריע

אז סע זאָל שטײַגנ דער ארויסבאקומ פונ קוילנ, דארפ מענ האָבנ מאשינעס, עלעקטרישנ שטראָמ.

מע דארפ אָבער האָבנ נאָכ עפּעס.

אָט איז שוינ אינ דאָנבאס פאראנ אי מאשינעס, אי שטראָמ. איז גײט דענ שוינ דאָרט אומעטומ די ארבעט ווי סע דארפ צו זײַנ?

ניט אומעטומ.

פארוואָס?

איבער אסאכ סיבעס. די שניטערס, צומ בײַשפּיל, שטײענ אָפּ שאָענווײַז אָנ ארבעט. די מאשינ שנײַדט אָנ קוילנ אונ ווארט ביז מע וועט זיי צונעמענ. אונ סע גײט דערופ אוועק אָנ א שיר צײַט.

קענ מענ דענ ניט אויספירנ, אז די שניטערס זאָלנ ניט שטיינ אָנ ארבעט, אז זיי זאָל קעסיידער ארבעטנ?

ביז אהער האָט מענ געמיינט, אז מע קענ ניט.

האָבנ זיכ אָבער געפונענ אזוינע מענטשנ, וואָס האָבנ דער־וויזנ, אז ס'איז ניט אזוי, אז מע קענ אזוי איינאָרדענענ די ארבעט פונ די מאשינעס, אז זיי זאָלנ ניט דארפנ רוענ. מאשינעס נויטיקנ זיכ ניט אינ קיינ רו.

איינער פונ דידאָזיקע מענטשנ הייסט קארטאשאָוו, דער צווייטער — קאסאוראָוו.

די שאכטע № 22 אינ גאָלובאָווקע, ווו קארטאשאָוו אונ קא־סאוראָוו האָבנ געארבעט, איז געווענ פונ די ערגסטע. אונ פלוצים האָט זיכ פאר פיר טעג דער ארויסבאקומ דאָרט פארגרעסערט דריי מאָל אזויפיל. קארטאשאָוו אונ קאסאוראָוו האָבנ אפ א נייעמ אויפנ צעשטעלט אי די מענטשנ אי די מאשינעס. די מאשינ שטעלט זיכ בא זיי אפ לאנג ניט אָפּ, זי גייט אלצ פאָרויס, אונ נאָכ איר גייענ נאָכ ארבעטער, וואָס פארנעמענ גלייכ די קוילנ אונ פארפעסטיקנ דעמ שטרעק. די מאשינ ארבעט בא זיי אָנ אופהער.

איז אָט וואָס מע דארפ נאָר האָבנ, אז סע זאָל שטייגנ דער ארויסבאקומ פונ קוילנ — ריכטיק אוועקשטעלנ די ארבעט.

איצטער גייט שוינ גאנצ דאָנבאס אריבער אפ קעסיידערדי־קער ארבעט פונ די שניטערס.

קארטאשאָוו אונ קאסאוראָוו זיינענ ניט די איינציקע. די צייטונגענ ברענגענ אלעמאָל יעדנ טאָג נייע דערפינדונגענ אונ נייע פאָרשלאגנ פונ די דאָנבאסער שאכטיאָרנ.

די שאכטיאָרנ פארשטייענ, אז אוועקשטעלנ אינ די שאכטעס נייע מאשינעס הייסט אָפּטונ נאָר א האלבע ארבעט. מע דארפ

נאָך וויסנ ווי צו באגיינ זיך מיט די נײַע מאשינעס, מע דארפ באהערשנ די טעכניק אונ אזוי אײַנאָרדענענ דעמ ארויסבאקומ פונ קוילנ, אז יעדער אײנציקע מאשינ אינ דער שאכטע זאָל ארבעטנ מיט דער גאנצער מעכטיקײַט, וואָס זי פארמאָגט.

## 4. רויוואַרג פונ פלייש אונ ביינער

קוילנ וועט אונדז קלעקנ. נאָר אָט וועגנ וואָס מיר האָבנ ניט א קלער געטונ.

ווו האָבנ מיר מער פונ אלצ זאוואָדנ אונ פאבריקנ? אינ לענינ־גראד, אינ מאָסקווע, אפ אוראל, אינ אוקראַינע.

אונ ווו זײַנענ אונ־דזערע קוילנ?

ווײַט אפ דאָרעמ — אינ דאָנבאס, אונ נאָך ווײַטער — אינ סיביר, אינ קוזבאס.



שטאָט די פארצײַטיקע כײַעס — שטאָלענע ריזנ.
נ בילד זעט איר א „קאָפער” — א טורעמ פונ
קוילנ־שאכטע. בעיס סע ארבעט די הייב־מא־
נ, דרייענ זיך שנעל פונויבנ די רעדער. דורכ
רעדער זײַנענ איבערגעוואָרפנ גראָבע שטריק
: סע הענגענ אפ זיי די הייב־קאָרבנ. דער טו־
מ איז זייער א פעסטער — ער דארפ אויסהאלטנ
שווערע מאסע פונ די קאָרבנ, וואָס זײַנענ
אָנגעלאָדנ מיט קוילנ.

אפ אוראל וועלנ מיר פירנ קוילנ פונ קוזבאס, קיינ אוקראַ־ינע — פונ דאָנבאס. אונ וואָס וועט זײַנ מיט מאָסקווע אונ לענינגראַד? פירנ קוילנ אפ אזא מעהאלעכ, טויזנטער קילאָ־מעטער? איר שטעלט זיכ פאָר, וויפל דאָס וועט אָפּקאָסטנ?

באקומט זיכ עפּעס אומגעלומפּערט. קוילנ איז איינ אָרט, אונ זאוואָדנ, וועלכע נייטיקנ זיכ אינ דידאָזיקע קוילנ, אינ אנ אנדער אָרט, אינ אויסרײַסעניש.

אונ ניט מיר זײַנענ אינ דעמ שולדיק. שולדיק זײַנענ די פאַבריקאנטנ, וואָס האָבנ געבויט די זאוואָדנ אָנ א שום פּלאנ.

אייגנטלעכ, א פּלאנ איז בא זיי יאָ געווענ: ארויסקוועטשנ וואָס מער רעווער. אונ זייער אָפּט האָבנ זיי געבויט זאוואָדנ ניט דאָרט, ווו ס'איז וואָלוול קוילנ, ניט דאָרט, ווו ס'איז וואָלוול רויווארג, נאָר דאָרט, ווו די מענטשנ זײַנענ וואָלוול. ביז דער רעוואָליוציע איז בא די פּויערימ געווענ ווייניק ערד, עסנ איז ניט געווענ וואָס, אונ זיי זײַנענ געווענ גרייט פאַר גראָשנס צו גיינ ארבעטנ. האָבנ טאקע די פאבריקאנטנ געבויט די זאוואָדנ וואָס נעענטער צו דעמדאָזיקנ מענטשנ־רויווארג פונ ביינער אונ פלייש.

אונ קוילנ? קוילנ האָבנ זיי באדארפט ווייניקער ווי מיר. פאַר זיי האָט ניט געהאט קיינ כעשבנ צו קויפנ אסאכ מאשינעס. א מאשינ, וואָס האָט זיכ אינ אויסלאנד גערעכנט פאַר א רענטאַ־בעלער, האָט זיכ בא אונדז זייער אָפּט ארויסגעוויזנ פאַר ניט קיינ רענטאבעלער. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס א מאשינ אפ צוויי פּיס האָט געארבעט וועלוועלער. אָבער פונדעסטוועגנ זײַנענ דאָכ געווענ בא זיי מאשינעס? געווענ.

ווו־זשע פלעגנ זיי פאַר דידאָזיקע מאשינעס נעמענ קוילנ? קוילנ האָט מענ געפירט מיטנ יאמ פונ אויסלאנד.

אייגענע קוילן איז דאָ אין לאנד וויפל דו ווילסט, און מ׳האָט געקויפט קוילן אין ענגלאנד! אניט האָט מען געטון נאָך ערגער — מע האָט געצונדן וועלדער.

## 5. צי מעג מען צינדן וועלדער

און קיין וועלדער טאָר מען דאָך ניט צינדן. האָלץ איז ניט קיין הייצונג, נאָר א טײַערער מאטעריאל. ניט פארניכטן דעם וואלד דארף מען, נאָר פלאנצן נײַע.

פון האָלץ מאכט מען באלקעס, קראָקוועס, שפּאלעס, מאסטן, ראמען פאר טיר און פענצטער, פעסער, מעבל. פון האָלץ מאכט מען פאפיר, קינסטלעכן זײַד, קינסטלעכן לעדער, קינאָ־לענטעס. פון האָלץ באקומט מען ארויס האָלץ־ספּירט, עסיק־זויער און נאָך הונדערטער אנדערע שטאָפן.

אין א יאָר צען — פופצן ארום וועט קיינעם אפילע אין קאָפּ ניט אײַנפאלן צו ברענען אזא טײַערן רויווארג. דאָס וואָרט „האָלץ" וועט פּאָשעט פארגעסן ווערן.

מיט וואָס־זשע וועט מען הייצן די הרובעס ?

ס׳וועט ניט זײַן קיין הרובעס.

ווי אזוי־זשע קומט מען אויס אָן הרובעס ?

אָנשטאָט הרובעס וועט איבער דער גאנצער שטאָט זײַן אייןווארעמצענטראל. אף דער ווארעמצענטראל וועט מען הייצן ניט מיט קיין האָלץ, נאָר מיט קוילן אָדער טאָרף. פון דאָרטן וועט זיך איבער אלע הײַזער דורך טרויבן צעגיין הייסע וואסער. אזעלכע ווארעמצענטראלן זײַנען שוין בא אונדז פאראן אין לענינגראד. אסאך הײַזער באקומען שוין באהייצונג דורך טרויבן פון דער ווארעמצענטראל.

## 6. שאכטעס לעבן מאָסקווע

קומט אויס:

אומעטום, ווו ס׳איז נאָר מעגלעך, דארף מען דאָס האָלץ פארבײַטן אויף אנדער הייצונג.

וואָס־זשע טוט מען מיט די לענינגראדער און מאָסקווער זאוואָדן? קיין האָלץ הייצן טאָר מען ניט. וועט אויסקומען צו פירן קוילן פון דאָנבאס.

און עפשער איז דאָ בײַ אונדז אויף צאָפן עפּעס אן אנדער מין הייצונג, מיט וועלכן מע קען כאָטש טיילווײַז פארבײַטן די דאָנעצער קוילן?

לאָמיר פרעגן בײַ די אויסשפּירערס, וואָס וועלן זיי זאָגן.

די אויסשפּירערס זאָגן, אז הינטער מאָסקווע איז דאָפקע דאָ קוילן.

וואָס הייסט, ס׳איז דאָ? וויאזוי־זשע האָבן מיר זיי פארשלאָפן?

פארשלאָפן האָבן מיר די הינטערמאָסקווער קוילן דערפאר, וואָס די דאָזיקע קוילן זײַנען שלעכטע. פריִער האָט מען זיך אויף זיי אפילע ניט ארומגעקוקט. ווארעמקײַט גיבן זיי צוויי מאָל ווינציקער ווי די דאָנעצער קוילן, און מיט די קוזנעצקער איז אפילע ניט צו פארגלײַכן.

וויפל האָט מען געהאַט צו טאָן מיט אָט די קוילן אויף דער קאשירער עלעקטראָסטאנציע! די קוילן זײַנען נאס, פול מיט וואסער, ווי פיטש־נאסע האָלץ. און דערבײַ פארמאָגן זיי נאָך א שעדלעכן צומיש—שוועבל־קיז. פון אָט דעם שוועבל־קיז האָט מען אין דער קעסל־קאמער ניט געקענט עטעמען—די שוועבל־גאזן האָבן פארסאמט די לונגען.

איז וואָס־זשע?

קען מען דען ניט אָט די קוילן ווי סע ניט איז אויסטרי־קענען און אָפּרייניקן?

יאָ, מע קען.

אפ דער קאשירער סטאנציע האָט מען אוועקגעשטעלט א מאשין אזא — א סעפּאראטער — וואָס טיילט אָפּ די קוילן פונעם שוועבל־קיז.

אז מע זאָל פּאָטער ווערן פון דעם וואסער, לייגט מען אוועק די קוילן אויסטריקענען. און אז די קוילן זאָלן בעסער ברענען, פּארוואנדלט מען זיי אין שטויב און מע בלאָזט אים אריין אין אויוון אריין דורכן א רער. איצט איז שוין די ארבעטער גרינג צו ארבעטן. די לופט אין קעסל־קאמער איז א ריינע. די קוילן גייען אליין אין אויוון אריין. מע דארף נאָר אכטונג געבן אפ די מאשינעס און שפּירן וויאזוי זיי ארבעטן.

הייסט עס, אז הינטער מאָסקווע האָבן מיר שוין געפונען קוילן.

נו, און לענינגראד?

מיט אים וואָס טוט מען?

קומט לאָמיר ווידעראמאָל א פרעג טון בא די אויסשפּי־רערס.

— זומפּ, — זאָגן די אויסשפּירערס.

— וואָס הייסט זומפּ? וואָס פאר א זומפּ?

— טאָרפּיקער, — זאָגן די אויסשפּירערס.

— נו, איז וואָס־זשע, אז טאָרפּיקער?

— איז דאָס, אז טאָרפּ איז הייצונג. און גאָרניט קיין שלעכטס. מע דארף נאָר קענען זיך נעמען פאר דעם.

## 7. טאָרף ראַטעוועט מאָסקווע

אין 1918 יאָר איז מאָסקווע געווען אָפּגעשניטן פון דאָנבאַס. קיין קוילן האָט מען ניט אונטערגעפירט. די מאָסקווער עלעקטראָסטאַנציעס האָבן געהייצט די רעשטלעך פון זייערע זאַפּאַסן. און בלויז איין סטאַנציע האָט געאַרבעט אָן אַן איבעררײַס און האָט אָפּגעראַטעוועט מאָסקווע—די סטאַנציע „עלעקטראָפּערעדאַטשאַ". זי האָט געאַרבעט אויף טאָרף. און טאָרף איז דאָ אַרום מאָסקווע וויפל מע וויל.

און דעמאָלט האָט מען פאַרקלערט אויסבויען אַ צווייטע טאָרף־סטאַנציע אין שאַטורע. פרילינג 1918 יאָר האָט מען אין די שאַטורער זומפּן אָנגעהויבן גראָבן ריוון, גראָבן טאָרף. די אַרבעטער האָבן גע׳זשוויגנט אין ערד־שטיבלעך, האָבן געהונגערט, געאַרבעט ביז די קני אין וואַסער, זייַנען פאַרמאַטערט געוואָרן פון היץ און פון קאָמאַרעס. אָבער די אַרבעט איז געגאַנגען: אויפן באַלטישן זאַוואָד אין פּיטער האָט מען געפונען אַ טורבאָגענעראַטאָר—אַ מאַשין, וואָס באַקומט אַרויס שטראָם. מ׳האָט אַראָפּגענומען אַ דאַמפּ־קעסל פון דער פאַנצער־שיף „נאַוואַריע". מ׳האָט צוגעטראַכט אַ נייַ אײַוועלע אויף צו ברענען דעם טאָרף. מ׳האָט דורכגעצויגן פון שאַטורע קיין מאָסקווע דראָטן.



אַן אַרבעטער וואַשט אויס דעם טאָרף מיט אַ שטאַרקן שטראָם וואַסער.

און סאָפּקאָלסאָפּ איז דער שטראָם פון שאַטורע אוועק. ס׳האָבן אופגעפלאַקערט די לאַמטערנס אַפ די מאָסקווער גאַסן. ס׳זײַנען אוועק די וואַרשטאַטן און די זאַוואָדן.
טאָרף האָט אָפּגעראַטעוועט מאָסקווע.

## 8. גרינע קוילן

די גרינע קוילן — טאָרף — האָבן אויסגעלייזט מאָסקווע. זיי וועלן אונדז איצטער אויך אויסלייזן, העלפן אויספילן דאָס פינפיאָר.

בא אונדז איז דאָך דאָ טאָרף קאָלאָסאַלע זאַפּאַסן, די ערשטע אינ דער וועלט. אי הינטער לענינגראַד, אי הינטער מאָסקווע ציִען זיך די טאָרף־זומפּן אַפ צענדליקער קילאָמעטער. מאָך, זומפּ־בערגלעך, וואַסער, צונויפגעדרייטע קליינוווקסיקע בערעזקעס, פון צײַט צו צײַט שטײַגעלעך — שטיבעלעך און שמור־ציקע זײַט־וועגן, וואָס מע קען איבער זיי דורכפאָרן נאָר אינ דער סאַמע טרוקענער צײַט. דאָס לאַנד פון טאָרף. מיר מוזן עס אײַנעמען. אָבער דאָס וועלן מיר ניט קענען טון אָן מאַשינעס.



דרײַ קראַנען. די צוויי זײַטיקע האַקן אַרויס קאָרטשעס פונעם זומפּ, דער מיטלסטער — אַ טאָרפזויגער. דער טאָרפזויגער הענגט אַפ אַ גראָבן שטריק. די אַרויסגעזויגענע טאָרף-מאַסע פּאָמפּעט מען איבער דורך טרויבן אַפ אַ פרײַען פּלאַץ, און דאָרט טריקנט ער זיך.



מיט דעראָזיקער אײַזערנער לאָ־
פּע, יטנ גרייפּער, טאַסקעט ־ער
קראַנ די קאָרטשעס פונעמ זומפּ.

באַ אונדז גראָבט מענ דאָך נאָך ביז איצט איִנ אסאך ערטער דעמ טאָרפּ, אזויווי אמאָליקע יאָרנ, מיט לאָפּעטעס. אדײַעמ קנעט מענ נאָך ערטער־ווײַז דעמ טאָרפּ מיט די פיס: מע ווארפט אָנ טאָרפּ איִנ א גרוב, מע גיסט אָנ וואסער אונ מע קריכט איִנ הוילע העמדער קנעטנ דאָס טאָרפּענע טייג.

אזוי וועלנ מיר ווײַט ניט פאָרפאָרנ. מיר דארפנ האָבנ מע־כאנישע לאָפּעטעס — עקסקאוואטערס — אונ מעכאנישע קנע־טערס — פאָרמיר־מאשינעס. עמעס, די עקסקאוואטערס טויגנ ניט צו אלע זומפּנ. אפ זומפּנ מיט קאָרטשעס קענענ זיי ניט ארבעטנ. אונ באַ אונדז זײַנענ גראדע אזוינע זומפּנ פאראנ מער פונ אלצ.

אָבער פאר קאָרטשעס־זומפּנ האָט אונדזערער א אינזשע־נער קלאסאָנ צוגעטראכט נאָך א בעסער מיטל. אָנשטאָט דעמ, אז מע זאָל גראָבנ דעמ טאָרפּ, האָט דער אינזשענער קלאסאָנ

פאַרגעלייגט, מע זאָל אים ארויסוואשן פונעם וואָרצל־געפלעכט און פון די זומפ־בערגעלעך מיט א שטארקן שטראָם וואסער.
ס׳איז אזש מאָדנע אפן ערשטן קוק.

מענטשן גייען איבערן זומפ, באגיסן דעם זומפ פון בראנדספויטן. ווי גלײַך ס׳איז ניט קיין זומפ, נאָר אן אספאלט־ברוק. און גלײַך נאָך די מענטשן גייען נאָך צוויי קראנען. בא איינעם הענגט אפ א האקן א טאָרפזויגער — א פּאָמפּע אזא, פארן טאָרף. באם צווייטן קראן — שטאָלענע קינבאקן, א גרייפער. יענער קראן, וואָס מיטן טאָרפזויגער, רוקט אים אריַין, ווי א נאָז, אין דער טאָרפענער קאשע און פּאָמפּעט ארויס טאָרף פונעם זומפ. און יענער קראן, וואָס מיט די קינבאקן, גייט לעבן אים, רײַסט ארויס פונעם זומפ די קאָרטשעס, ווי מע שלעפט קלישטשעס פון ברוינ־שווארצער וואָל.

אָבער ארויסבאקומען דעם טאָרף איז ווייניק. מע דארף אים אויסטריקענען. ער זאפט דאָך איַין וואסער, ווי א שוואָם.

וויאזוי טריקנט מען דעם טאָרף? מע מאכט פון אים ציגל, מע לייגט זיי צונויף, דערנאָך לייגט מען זיי איבער, אז זיי זאָלן זיך גיכער אויסטריקענען. סע באקומט זיך אָבער אן אומגעלומ־פערטע זאך: שנײַדן שנײַדט מען דעם טאָרף מיט מאשינעס, און צונויפלייגן דארף מען אים מיט די הענט. עפשער קען מען געפינען אזא מיטל, אז די גאנצע ארבעט פון אָנהייב ביזן סאָף זאָל געטאָן ווערן מיט מאשינעס?

אזא מיטל האָט מען שוין געפונען. מע טריקנט אויס דעם זומפ, מע שלעפט ארויס די קאָרטשעס, און דערנאָך הייבן אָן ארומשפּאצירן איבערן זומפ טראקטערס מיט פרעזערס. א פרע־

זער איז אזא באַראַבאַן מיט שנײַדצײַנער. די שנײַדצײַנער גראָבן אוף און צעברעקלען דעם טאָרף, און הינטער זיי גייען נאָך מעכאַנישע גראַבליעס אַזוינע, וואָס קערן איבער דעם טאָרף, ער זאָל זיך גיכער טריקענען.

דערנאָך גייען די טאָרפזאַמלער (ווידער מאַשינעס און ניט קיין מענטשן), שאַרן צונויף דעם טאָרף אין קופּעס. אַז דער טאָרף טריקנט זיך אויס, לייגן אים דער טאָרפזאַמלער צונויף אין שטאַבעלן. אַלץ ווערט געטאָן מיט מאַשינעס. ס'איז נאָר ניט גוט, וואָס מע דאַרף אַסאַך מאַשינעס. ווילן טאַקע איצט די טוער פונעם טאָרף־אינסטיטוט אויסבויען אַזאַ מאַשין — אַ טאָרף־קאָמביין, וואָס זאָל איינע אַליין אָפּטון די גאַנצע אַרבעט.

אויב דאָס וועט זיך אײַנגעבן, וועט טריקענען טאָרף זײַן גאָר אַ פּאָשעטע אַרבעט.

עס בלײַבט בלויז איין אויפגאַבע, וואָס די דערפינדער דאַרפן זי לייזן. דער טאָרף טריקנט זיך געוויינלעך אַף דער זון און אַפן ווינט, און דאָס נעמט צו אָן אַ שיר צײַט.

און נאָך אַלעמען גיט דער טאָרף ניט אָפּ דאָס גאַנצע וואַסער. מע דאַרף זיך אויסלערנען טריקענען דעם טאָרף אַף אַ קינסטלעכן אופן. און דערויף אַרבעט מען שוין.

בײַ דער סטאַנציע „עלעקטראָפּערעדאַטשע" האָט מען אויסגעבויט אַ פּרווו־זאַוואָד אַף טריקענען טאָרף. אַף דעם־דאָזיקן זאַוואָד האָט מען זיך שוין אויסגעלערנט פאַרוואַנדלען דעם טאָרף אין טרוקענע ציגל, ד. ה. אין בריקעטן, און אין טאָרף־פּראָשעק.

אַזאַ קינסטלעך אויסגעטרוקנטער טאָרף ברענט ניט ערגער פון קוילן.



די סטאַנציע „רויטער אָקטיאַ־בער״, וואָס אַרבעט אַף טאָרף.

## 9. אָזערעס פון נאַפט

„ס׳איז געווען אויסערגעוויינלעך הייס. ס׳האָט געמאַטערט דער הוסט. כ׳האָב געפילט, אַז איך בין פאַרסאַמט. בלאָנקענדיק אין אַ וואַלד טורעמס, באַגאָסענע מיט נאַפט, האָב איך געזעען צווישן זיי פעטע אָזערעס פון אַ גרין־שוואַרצער פליסיקייט; די אָזערעס, האָט זיך אויסגעדאַכט, זיינען אָן אַ דנאָ. און די ערד, און אַלץ אַף איר, און די מענטשן זיינען געווען פאַרשפּריצט, דורכגעזאַפט מיט דער טונקעלער פעטקייט; אומעטום האָבן די גרינבלעכע קאַליזשעס דערמאַנט אין פוילן; די זאַמד אונטער די פיס האָט ניט געסקריפּעט, נאָר געטשמאָקעט״.

ווער דערציילט עס? און ווו גיסט מען עס נאפט איבער דער ערד אזויוי וואסער?

דאָס דערציילט גאָרקי. און דערציילן דערציילט ער וועגן דעם, וואָס ס'איז געווען אפ די באקוער נאפט־געווערבן בא די פרייערדיקע אייגנטימערס. דעמאָלט האָט מען אפ די געווערבן קיין נאפט ניט געזשאלעוועט. געהאלטן האָט מען אים ניט אין קיין אײַזערנע פארמאכטע רעזערווואַרן, ווי אצינד, נאָר פּאָשעט אין גריבער. געשעפּט האָט מען אים פון די עפענונגען מיט עמער—„זשעלאָנקעס". דער נאפט האָט זיך אויסגעדאמפט, דער בענזין האָט זיך אויסגעוועפּט ניט אפ אומצוקערן זיך. אָבער די אייגנטימער פון די געווערבן האָבן זיך אפ דעם ניט פארטראכט. זיי איז דאָך געווען דער איקער וואָס גיכער ארויסצובאקומען פון אונטער דער ערד וואָס מער נאפט און וואָס גיכער אים צו פארקויפן. צוליב וואָס פאטערן געלט אפ טײַערע רעזערווואַרן, אפ אויסלענדישע מאשינעס, אז מע קען פאר א מין כוידעש ניסאשער ווערן, ווערן א מיליאָנער? נעם שלעפּ, גאנווע! און וואָס וועט זײַן נאָכדעם, אז די זאפּאסן נאפט וועלן זיך אויסלאָזן, אז די ערד וועט אופהערן צו געבן נאפט, דאָס האָט צו מיר קיין שײַכעס ניט.

מיר קענען אזוי ניט דענקען. ניט צוליב דעם האָבן מיר אָפּגענומען דעם נאפט בא די קאפּיטאליסטן, מיר זאָלן אים צעגיסן אָן א טאָלק איבער דער ערד.

מיר דארפן יעדער זאך אײַנאָרדענען באלעבאטיש. אוועקשטעלן פארן נאפט רעזערווואַרן. פּאָמפּען מיט פּאָמפּעס, ניט טאסקען פון אונטער דער ערד מיט עמער. פאר אונדז האָט קיין כעשבן ניט צו פאטערן דעם בענזין—ער וועט אונדז צונוץ קומען פאר אעראָפּלאנען און אווטאָמאָבילן.

## 10. אײַזערנע „באָגאָמאָלקעס“

מיר האָבן שוין געקויפט אין אויסלאַנד אַסאַך קאַטשעלקע־פּאָמפּעס (אַפּ די געווערבן רופט מען זײ „באָגאָמאָלקעס“) און אַסאַך אַנדערע מאַשינעס. און פאַר דידאָזיקע פינף יאָר וועלן מיר קויפן נאָך מער.

גאָרקי איז ניט לאַנג געווען אַפּ די געווערבן, און ער זאָגט, אַז מע קען זײ ניט דערקענען.

„איבערן אומענדלעכן פּלאַץ פון די געווערבן קריכן אַרום, קלינגענדיק מיט די קלאַמערס, אײַזערנע ציערס; טורעמס איז געוואָרן באַדײַטנדיק ווייניקער. נאָר אומעטום הוידען זיך די אומגלומפּערטע „באָגאָמאָלקעס“, וואָס פּאָמפּען אַרויס קימאַט אָן ראַש דעם נאַפט פון אונטער דער ערד. אין אַ הילצערן שטעלעכל דרייט זיך אַפּ אַ פּלאַך אַ גרויסן־טראַנסמיסיע, אויס־ציענדיק אין אַלע זײַטן, ווי אַ שפּין, לאַנגע, אײַזערנע לאַפּעס... קיין אַרבעטער, זײ זאָלן זײַן באַגאָסן מיט שוואַרצן פעטס, זעט מען ניט אינערגעץ... מע הערט ניט קיין געשרייען און ווייען פון באַטשאַלסטווע. סע סקריפּעט נאָר דאָס אײַזן פון די ציערס און סע בוקן זיך צו דער ערד די „באָגאָמאָלקעס“.

פאַר פינף יאָר דאַרפן מיר אויפהייבן דעם אַרויסבאַקום פון נאַפט ביז 26 מיליאָן טאָן, און אין אָנהייב פינפיאָר האָבן מיר באַקומען נאָר 12 מיליאָן [1].

מיר וועלן מער ניט ברענען קיין נאַפט, אַזויווי מיר האָבן ביז איצט געטאָן. מיר ווייסן, אַז נאַפט איז ניט קיין הייצונג.

---

[1] לויטן נײַעם פּלאַן וועט דער אַרויסבאַקום פון נאַפט דערפירט ווערן ביז 46 מיליאָן טאָן. דאָס פינפיאָר פון נאַפט איז אויסגעפילט געוואָרן אין $2^1/_2$ יאָר אַנשטאָט פינף.

נאפט — איז רויווארג. מע מאכט פונ אימ בענזינ פאר אעראָ־פלאנענ אונ אווטאָמאָבילנ, קעראָסינ פאר טראקטערס.

אויב הייצנ, איז שוינ בעסער ניט מיט קיינ רויענ נאפט, נאָר מיט די נאפט־רעשטלעכ — מאזוט. מאזוט בלייבט איבער נאָכ דעמ, ווי מע טרייבט אָפ פונעמ נאפט דעמ בענזינ אונ קעראָסינ. אָבער מיטנ מאזוט הייצנ וואָלט מענ אויכ ניט באַדארפט. איצטער האָט מענ געפונענ א מיטל ארויסצובאקומענ בענזינ ניט נאָר פונ רויענ נאפט, נאָר אויכ פונ מאזוט. לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ דארפנ מיר אויסבויענ 60 אפאראטנ אפ איבערצוארבעטנ מאזוט אינ בענזינ. אונ נאָכ. פונ מאזוט באַקומט מענ דאָכ מאשינ־אייל, אונ מאשינ־אייל וועלנ מיר דארפנ האָבנ אסאכ. אזוי אז דעמ מאזוט וועלנ מיר אויכ פארברענענ ניט אינגאנצנ, נאָר דאָס, וואָס וועט איבערבלייבנ.




אינ 1927/28 יאָר האָבנ מיר ארויסבאקומענ 35,4 מיליאָנ טאָנ קוילנ. לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ האָבנ מיר געזאָלט דערפירנ דעמ קוילנ־ארויסבאקומ ביז 75 מיליאָנ טאָנ אינ א יאָר. דעמדאָזיקנ פלאנ האָבנ מיר אויסגעפילט אינ דריי יאָר.

# VI. דאָס עלעקטרישע לאַנד

## 1. וואָס איז דער כּילעק פון קוילן ביז שטיינער

צוליב דעם, מיר זאָלן באַקומען ענערגיע פאַר די מאַשינעס וועלן מיר אויסגראָבן טיפע שאַכטעס, מיר וועלן מיט דאַמבעס אָפּשטעלן טײַכן, מיר וועלן אויספּאָמפּען טאָרף פון די זומפּן און אויסזויגן נאַפט פון דער ערד.

אָבער אַף דעם וועלן מיר זיך ניט טאָרן באַרויִקן.

ארויסבאַקומען הייצונג איז דאָך ערשט אַ האַלבע אַרבעט. דאָס איז אַלציינס, ווי מע נעמט אַ זאַך און מע טראָגט זי איבער פון איין אָרט אַפן אַנדערן. און שוין. וואָס־זשע וועט אַרויסקומען, אויב די קוילן וועלן בא אונדז ליגן אָן אַרבעט? ניט צוליב דעם באַקומען מיר דאָך זיי אַרויס, זיי זאָלן פּוסטע־פּאַסעווען. מיר באַקומען זיי אַרויס צוליב דעם, זיי זאָלן אַרבעטן. וויאַזוי־זשע צווינגט מען זיי אַרבעטן? וויאַזוי קען מען צווינגען אַרבעטן אַ שטיקל קויל, וואָס ליגט אומבאַוועגלעך אַף דער ערד? מיט וואַסער וואָלט עס געווען פּאָשעטער. וואַסער פליסט. אַוועקגעשטעלט אַפן וועג אַ ראָד—אַ טורבינע, דאָס וואַסער דרייט דידאָזיקע ראָד. נאָר אַ שטיק קויל איז פּונקט אַזוי אומבאַוועגלעך, ווי אַ שטיין.

אָבער אַ כּילעק פון קוילן ביז שטיינער איז דאָ, און זייער אַ גרויסער: שטיינער ברענען ניט, און קוילן ברענען יאָ. קוילן

קענ מענ פארברענענ אונטער א דאמפ־קעסל אונ באקומענ דאמפ אונ דער שטראָמ דאמפ, פונקט ווי א שטראָמ וואסער, קענ דרייענ די ראָד פונ א טורבינע.] דער שטראָמ דאמפ קענ שטויסנ דעמ קאָלבנ אינ דער דאמפ־מאשינ.

איז וואָס־זשע קומט אויס? ס׳איז ווייניק צו באקומענ קוילנ, מע דארפ נאָכ אויסבויענ מאשינ־סטאנציעס מיט דאמפ־קעס־לענ, מיט דאמפ־מאשינעס אונ טורבינעס.

ווו־זשע וועלנ מיר דידאָזיקע סטאנציעס בויענ?

מע קענ אזוי טונ: אויסבויענ א מאשינ־סטאנציע בא יעדער זאוואָד. אונ מע קענ טונ אנדערש אויכ: אויסבויענ איינ גרויסע סטאנציע אפ הונדערט, לאָמיר זאָגנ, צי אפ צוויי הונדערט זאוואָדנ. וואָס לוינט בעסער? ווי מיינט איר?

## 2. איינע צי הונדערט

לויט מײַנ מיינונג איז איינ גרויסע סטאנציע לוינט בעסער פונ הונדערט קליינינקע.

באטראכט זיכ נאָר: פאר די קליינינקע סטאנציעס וועט מענ דארפנ אויסבויענ הונדערט געבײַדעס, אונ פאר דער גרויסער — נאָר איינע. פאר די קליינינקע סטאנציעס וועט מענ דארפנ דורכפירנ הונדערט אײַזנבאנ־ליניעס אפ אונטערצופירנ קוילנ, אונ פאר דער גרויסער — נאָר איינע.

פאר די קליינינקע סטאנציעס וועט מענ דארפנ האָבנ,

א קאָלאָסאלע דאמפ־טורבינע פונ 50 טויזנ פערדקראפט. איר וויסט וויפל מאָל איז ז שטארקער פונעמ מענטשנ, וואָס פאָרעט זי לעבנ איר? א מיליאָנ מאָל. אונ פלאצ פארנעמ זי ניט ווער וויסט וויפל—איינ צימער סאכאקי

לאָמיר זאָגן, הונדערט קליינע דאמפּ־טורבּינעס, און אַף דער גרויסער וועלן מיר אוועקשטעלן נאָר איין טורבּינע. די דאָזיקע טורבּינע דארף זײַן הונדערט מאָל שטארקער, איידער יענע קליינע טורבּינעלעך. אָבער דאָס הייסט קלאָל ניט, אז זי דארף זײַן הונדערט מאָל גרעסער און שווערער. די סאמע גרעסטע טורבּינע — אַף צענדליקער טויזנטער פערדקראפט — פארנעמט גאָרניט אזויפיל אָרט, זי קען אַרײַן אין איין צימער.

און אָנגעשטעלטע וועט אויך אַף דער גרויסער סטאנציע זײַן אסאך מאָל ווייניקער, איידער אַף אלע קליינינקע. ס׳איז דען ניט אלצייינס דעם ארבּעטער, וואָס ער זאָל אכטונג געבּן — אַף א גרויסער מאשין, צי אַף א קליינער?

— אז מע וויל, וועט דאָס ארומגיין בּא דער גרויסער מאשין זײַן גרינגער: בּא גרויסע מאשינעס אָרדנט מען אײַן אלערליי צופּאסונגען פאר רעמאָנט, פאר אָנלאָדן הייצונג, פאר אויס־לאָדן דעם אש. און אַף א קליינינקער סטאנציע קען מען דען שטעלן אזוינע צופּאסונגען? ס׳איז צו טײַער!

אָט וויפל פּליוסן סע האָט די גרויסע סטאנציע לעגאבּע דער קליינער! אָבער איין פּליוס האָבּ איך בּאהאלטן אַפן סאמע סאָף. טרעפט, וועלכן! אויבּ איר האָט אליין ניט געטראָפן, וועל איך אײַך בּאלד דערציילן. קליינינקע סטאנציעס דארפן מיר בּויען ווו? בּא די זאוואָדן. און א גרויסע סטאנציע קענען מיר אויסבּויען ווו מיר ווילן.

ווו־זשע לוינט אונדז בּעסער פון אלץ אויסצובּויען זי? פארשטייט זיך — דאָרט, ווו ס׳איז דאָ הייצונג.

א טאָרף־סטאנציע וועלן מיר אויסבּויען אַף א טאָרף־זומפּ.

א קוילן־סטאנציע — דאָרט, ווו ס׳איז דאָ קוילן. ס׳איז דאָך קלאָר. שפּארן זיך איז דאָ ניט שײַעך. צוליבּ וואָס דארף מען

פירנ קוילנ צי טאָרפ מיטנ אײַזנבאנ, אמער קענ מענ אימ טאַקע דאָ אפנ אָרט פארברענענ, פארוואנדלענ אינ עלעקטרישנ שטראָמ אונ אָפּשיקנ דעמ שטראָמ וווהינ מע דארפ — אינ אלע ארומיקע זאוואָדנ. שטראָמ קענ מענ שיקנ אפילע אפ 500 קילאָמעטער. אונ מיט דער צײַט וועלנ מיר זיכ אויסלערנענ שיקנ שטראָמ נאָכ ווײַטער.

## 3. א פארבאנד פונ זאוואָדנ

נעמט א צירקול, צייכנט אָנ אפ א מאפע א קרײַז מיט א ראדיוס פונ 500 קילאָמעטער. אויב איר וועט אינ צענטער אויסבויענ א גרויסע עלעקטראָסטאנציע, וועט זי קענענ צושטעלנ ענערגיע פאר אלע זאוואָדנ, וואָס געפינענ זיכ אינעווייניק אינ קרײַז. וואָס־זשע באקומט זיכ?

ס׳באקומט זיכ א פארבאנד פונ זאוואָדנ. אונ דאָס הארצ פונעמ פארבאנד איז די עלעקטראָסטאנציע.

לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ בויענ מיר 42 ראיאָנישע עלעקטראָסטאנציעס. יעדערע פונ זיי וועט זײַנ א צענטער פונ א זאוואָדנ־פארבאנד — פונ א „קאָמבינאט”. דער סאמע גרעסטער פארבאנד וועט זײַנ אפנ דניעפּער — ארומ דניעפּערבוי.

טוט א קוק אפ דער צייכענונג.

איר זעט — אינמיטנ אנ עלעקטראָסטאנציע. ארומ אונ ארומ זאוואָדנ — פונ מעטאל, פארפאָר, צעמענט, אליומיני, א שיפּ־בוי־זאוואָד אונ אנדערע. די עלעקטראָסטאנציע צעשיקט אומעטומ שטראָמ. זי העלפט יעדערנ. אָבער די זאוואָדנ העלפנ אויכ איינס ס׳אנדערע. אפנ מעטאלורגישנ זאוואָד באקומענ זיכ אינ די דאָמנעס ברענ־גאזנ. דידאָזיקע ברענ־גאזנ דארפ



פאַרבאַנד פונ די דניעפּרישע זאַוואָדנ.

דער מעטאַלורגישער זאַוואָד ניט האָבנ, אונ ער גיט זיי אוועק אַנדערע זאַוואָדנ — די זאַוואָדנ פונ צעמענט, אַליומיני, פּאַרפאָר. דאָס זיינענ אַלצ גרויסע זאַוואָדנ. נאָר דער גרעסטער פונ זיי וועט זיינ דעלק — דער דניעפּראָווער עלעקטרישער לאַנד־ווירטשאַפטלעכער קאָמבינאַט. דאָס וועט זיינ אַ פאַבריק פונ מילכ, פלייש, אויבסטנ, בוימוואָל, רייז — די גרעסטע אינ דער וועלט. דער דעלק וועט שפּייזנ דעמ גאַנצנ דניעפּראָווער פאַר־באַנד פונ זאַוואָדנ אונ וועט שיקנ פּראָדוקטנ אַפנ דאָנבאַס, קיינ קריוואָראָזשיע. אַלע מאַשינעס וועלנ דאָ זיינ עלעקטרישע, אָנהייבנדיק פונ אַנ אַקער אונ ביז אַפּאַראַטנ אַפ מעלקנ די בעהיימעס. דער דעלק וועט זיינ אַזוי גרויס, ווי 2 האָלאַנדס, ווי אַנדערהאַלבנ בעלגיעס.

איר געדענקט, מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז דניעפּערבוי וועט אונדז געבן 16 מיליאָן מעכאַנישע אַרבעטער. די דזשיקע אַרמיי מעכאַנישע אַרבעטער וועט ניט בלײַבן אָן קיין אַרבעט. מיר וועלן צווינגען דעם דניעפּער ער זאָל אַרבעטן.

אָט ווי אַזוי סע שרײַבט וועגן דעם מאַרשאַק:

מאַכט צום דניעפּ דער אַרבעטמאַן:
— דו וועסט גיין בא מיר אין שפּאַן!
פון די הייכן
וועסטו פאַלן,
וועסט מיר דרייען
רעדער, וואַלן,
וואַלן קליינע, וואַלן גרויסע —
מײַנע באַנען וועסטו שטויסן!
וועסט באַוועגן און באַדינען
מײַנע מעכטיקע מאַשינען.
ס'וועלן דײַנע וואַסער-מאַסן
אונדז אין פעלד דעם אַקער פירן,
און באַשײַנען אונדז די גאַסן,
און באַלײַכטן אונדז די דירעס.

מיר וועלן צווינגען דעם דניעפּער שמעלצן טשוהון, שטאָל, אַליומיני, בויען שיפן, ברענען צעמענט און פאַרפאָר, אַרויסבאַקומען כעמישע שטאָפן און באַגיסיקונג פאַר די פעלדער, באַלײַכטן שטעט, באַוואַסערן פעלדער. יעדן לעבעדיקן אַרבעטער אַף די זאַוואָדן פונעם דניעפּער-קאָמבינאַט וועלן העלפן 700 מעכאַנישע אַרבעטער. און אַזעלכע קאָמבינאַטן וועלן מיר אויסבויען לעבן יעדער עלעקטראָסטאַנציע.



איבער דידאָזיקע דראָטנ לויפט דער שטראָמ
פונ דער סטאנציע „רויטער אָקטיאבער“.

## 4. דאָס עלעקטרישע לאנד

מיט דער צײַט וועלנ מיר אלע קאָמבינאטנ פארבינדנ אינ אײנ אלגעמײנער נעצ. אינ דער ערשטער רײ וועלנ מיר דורכ־פירנ דראָטנ פונ דניעפּערבוי קײנ דאָנבאס. דניעפּערבוי אונ דאָנבאס וועלנ זיכ כאוועריש נעמענ פאר די הענט. ווענ דאָנבאס וועט זיכ נײטיקנ אינ שטראָמ, וועט אימ העלפנ דניעפּערבוי. ווענ דניעפּערבוי וועט זיכ נײטיקנ אינ שטראָמ, וועט אימ העלפנ דאָנבאס.

אונ טרעפנ וועט זיכ עס יעדער יאָר.



די שווארצע שטײַגלעך — דאָס זײַנען קייטעלעך, וואָס איזאָלירן דעם שטראָם. ווען ניט די קייטעלעך, וואָלט דער שטראָם אוועק איבער די מאסטן אין דער ערד אַרײַן.

פרילינג, ווען אפן אויבערפלאך פון דער ערד צעגיסן זיך די טײַכן, הייבן די אונטערערדישע וואסערן אויכעט אָן צו בושעווען — פארגיסן די שאכטעס. טאָג ווי נאכט ארבעטן עלעקטרישע פּאָמפּעס — פּאָמפּען אויס דאָס וואסער. אָפּשטעלן די פּאָמפּעס — וועט פארגיסן. איז דען א כידעש, וואָס אין דער־דאָזיקער צײַט קלעקט ניט דעם דאָנבאס זײַן אייגענער שטראָם. מע דארף שטראָם אין לעבן אַרײַן, און אפן דניעפּער איז אין דער צײַט א געוויסער, ס׳ארבעטן די טורבינעס אלע ביז איינער, שטראָם — איבערגענוג. אָט דעמאָלט טאקע וועט דער דניעפּער העלפן דאָנבאס, וועט אים שיקן שטראָם פאר די פּאָמפּעס.

און ווען דאָס וואסער וועט אראָפּ, ווען פאר די טורבינעס וועט ניט קלעקן קיין וואסער, און די דניעפּרישע זאוואָדן וועט ניט קלעקן קיין ענערגיע, דעמאָלט וועט מען פון דניעפּערבוי געבן צו וויסן קיין דאָנבאס:

— העלפט!

און אפן צוריקוועגס וועט א לויף טון דער שטראָם איבער די דראָטן: פון דער סטאנציע פון דאָנבאס אפן די דניעפּרישע זאוואָדן—די עלעקטראָסטאנציעס ארבעטן דאָך דאָרטן אפן קוילן.

אָבער דאָס איז נאָר אן אָנהייב. ס׳וועט קומען א צײַט, ווען מיר וועלן דאָס גאנצע לאנד מאכן פאר אן עלעקטריש לאנד. אין שטאָט האָט שוין די עלעקטריע באזיגט דעם קעראָסין, איצ־טער גייט דאָס דאָרף. א שײַן אָן רויך, א גלײַכע, א העלע, ניט קיין געפערלעכע, וועט זיך אָנצינדן אפן די דאָרפישע גאסן. טויזנטער שאָען וועט אָפּנעמען באם ווינטער, באם פינצטערן הארבסט דאָס עלעקטרישע לעמפּעלע. מערער צײַט וועט האָבן דער פויער אפן צו ארבעטן, אפן צו לייענען.

און אין א יאָר פופצן—צוואנציק ארום וועט עלעקטריע ווערן פונקט אזא געוויינלעכע זאך, ווי וואסער און לופט.

ענערגיע און שײַן וועט מען קענען באקומען ווו מע וועט וועלן און וויפל מע וועט וועלן. אי אין די פאבריקן, אי אפן די פעלדער וועלן ארבעטן עלעקטראָמאשינעס. עלעקטרישע צוגן וועלן זיך יאָגן איבער אײַזערנע ליניעס. עלעקטרישע אקערס וועלן אקערן די ערד. עלעקטרישע קאָמבײַנען וועלן צונויפנע־מען דאָס געריטעניש. אפן עלעקטרישע אווטאָמאָבילן וועלן די ארבעטער פאָרן צו דער ארבעט.

אומעטום—אין גאס, אין שטוב, אפן דער פאבריק—וועלן ארבעטן שטילע, געשיקטע און שטארקע עלעקטרישע דינער



צומ אָנהייב פינפיאָר האָבנ אלע אונדזערע עלעקטרישע סטאנציעס געגעבנ 5,05 מיליאָנ קילאָוואט-שאָ עלעקטרישע ענערגיע א יאָר. צומ סאָפ פינפיאָר וועלנ מיר האָבנ 22 מיליאָנ קילאָוואט-שאָ א יאָר.





צומ אָנהייב פינפיאָר האָט יעדער ארבעטער א י נ דער פאבריק געהאט 33 מעכאנישע העלפערס (די הויצאָע פונ ענערגיע אפ א מענטשנ אינ א שאָ האָט באטראָפנ 1,24 קילאָוואט-שאָ).

צומ סאָפ פינפיאָר וועט יעדער ארבעטער אינ דער פאבריק האָבנ 70 מעכאנישע העלפערס (די הויצאָע פונ ענערגיע אפ א מענטשנ אינ א שאָ וועט באטרעפנ 2,61 קילאָוואט-שאָ).

# VII. אין מארש–נאָך מעטאל

## 1. מוזיי פון דער צוקונפט

ס׳זײַנען פאַראַנען מוזייען פון דער פאַרגאַנגענהײַט, ווו מע האַלט זאַכן, וואָס מ׳האָט זיי געפונען בײַ אויסגראָבונגען. אין גרויסע שאַפעס, ווי אין קוואָרים, שלאָפן שטיל הינטערן גלאָז קיזלשטיינערנע בײַקסן, בראָנדזענע העק, הילצערנע רײַטוואָגנס, קרוגן מיט קונציק־אויסגעבויגענע הענטלעך, קאָסטבאַרע שטיי־נער געקריצטע. ס׳זײַנען פאַראַנען אויך אַנדערע מוזייען — מוזייען פון הײַנטיקער צײַט.

אָבער קיין מוזייען פון דער צוקונפט זײַנען ביז איצטער נישט געווען.

און איצטער איז אַזאַ מין מוזיי פאַראַן. פאָרט זיך דורך קיין לענינגראַד — אויף דער פאָנטאַנקע, צו טשערנישעווס בריק. דאָרט וועט איר זען אַ גרויסן מויער, וואָס איז באַפּוצט מיט גרויע שטיינער. הייבט זיך אויף אויף די טרעפּ, נעמט אַ שײַן בײַם קאָמענדאַנט, מע זאָל אײַך דורכלאָזן. מיט דערדאָזיקער דער־לויבעניש גייט דרייסט פאָרויס.

אינעם ערשטן זאַל וועט איר זען הונדערט טישן צום צייכע־נען. און ווײַטער נאָך מער. אויף יעדער טיש — גרויסע בויגנס וואַטמאַן, רייסצײַגן, צירקולן, בלײַערס, ווינקלמאָסן, רייספע־דערס. בײַ די טישן אַרבעטן, שטייענדיק און זיצנדיק, צייכנערס.

א גאנצע ארמיי צייכנערס. פונויבן דורך דער גלעזערנער סטעליע פאלט אפ די צייכענונגען א ווײַסע מאטעווע שײַן.

דאָס איז נאָך ניט דער מוזיי. גייט ווײַטער.

דער מוזיי איז אין דער לינקער זײַט — הינטערן קליינעם טירל.

גייט אַרײַן, נאָר זײַט פאָרזיכטיק. אויב איר וועט זיך פארקוקן, וועט איר אָנטרעטן מיט דער פוס אפ די פאָרבערג פון אוראל, איר וועט צעקוועטשן דעם ניזשני־טאגילער זאוואָד, איר וועט צעשטערן אן אײַזנבאן־אָנשיט.

אפן פאָל איז פאר אײַך זייער א גרויסע רעליעף־מאפע, א שטיק ערד־קײַלעך, פארקלענערט אין א סאך מאָל און אוועק־געלייגט אפן פאָל. גרינע בערגלעך פון פאפיע־מאשע, א ברע־קעלע אײַזנבאן־בריקעלע איבער רעלס־וועגן, זאוואָדישע קאָר־פוסן פון קארטאָן. און דערבײַ א ברעטעלע — „ניזשני־טאגילער זאוואָד".

גייט איבער דעם ניזשני־טאגילער זאוואָד, פארקערעוועט פאָרזיכטיק און גייט ווײַטער. איצטער וועט איר אָנקומען קיין קאזאקסטאן. זעט פארטשעפעט ניט דאָס טישעלע, וואָס שטייט בא דער וואנט, און צעברעכט ניט די רידערישע בלײַ־צינקענע ארצגרובנס.

דידאָזיקע ארצגרובנס זײַנען געמאכט דורכויס פון גלאָז. אויב איר וועט אָנצינדן אונטן דאָס עלעקטרישע לעמפעלע, וועט איר דערזען מיטאמאָל אלע שטאָקן, אלע אונטערערדישע גאַ־לערייען, די פאָמפעס אפ אויספאָמפען וואסער, שאכטעס אפ אופצוהייבן ארץ און מענטשן, שאכטעס פאר ווענטיליאציע. דאָס אלץ איז אָנגעמאָלט מיט טוש אפ גלעזערנע טאָוועלעך. וויפל טאָוועלעך — אזויפיל שטאָקן.

פון קאַזאַקסטאַן — ווידער אַפֿן אוראַל. אָבער אויפֿן וועג זאָלט איר זיך אָפּשטעלן און כאַפּן א קוק אינעם צווייסטאָקיקן הויז פון דעם אַרבעטער-ייִשעוו. דאָסדאָזיקע הויז שטייט אויף אַ הויכן זײַל אײַנגעמיטן זאַל. אײַן וואַנט איז ניטאָ, אַזוי אַז איר וועט קאָנען גוט באַטראַכטן, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. די צימערן זײַנען ליכטיקע, צימטיקע. אויף די בעטן — קישעלעך, קאָלדערעס. און דאָס גאַנצע בעט איז בעסאַכאַקל ניט לענגער פון אַ בלײַער, עס קענען אַרײַן אין קעשענע.

לאָמיר גיין ווײַטער. אויף דער וואַנט — אַ גרויס בילד. אַ מעטאַלורגישער זאַוואָד. אַ באַטאַרייע פון קאָקס-אויוונס. איבער די אויוונס — אומגעלומפּערטע קוילן-טורעמס, ווי טורעמס פון אַ פעסטונג. דאָמנע-אויוונס מיט אָנגעבויגענע שטאָלענע בריקן. און ווײַטער — אַ שטאָט, וואָס צעצווײַגט זיך ווי שטראַלן, גלײַך ווי עמעצער האָט אוועקגעלייגט אויף די גרינע בערגלעך אַ ריזיקן פאָכער. און אַ ברעטעלע פונונטן: „מאַגניטאָגאָרער זאַוואָד".

מיט אַזעלכע בילדער זײַנען באַהאַנגען אַלע ווענט פונעם מוזיי. דאָ איז אי דער טעלבעסער זאַוואָד, אי דער דניעפּרישער קאָמבינאַט, אי דער סטאַלינגראַדער טראַקטאָרנער, אי דער ראָסטאָווער סעלמאַש.

אָבער דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע איז ניט דאָ, נאָר אונטערן גלאָז, אין די קאַסטנס, וואָס שטייען אויף די טישן. אין דידאָזיקע קאַסטנס האַלט מען די צייכענונגען און פּראָעקטן פון די זאַוואָדן, וואָס מיר בויען איצטער, אין גראָבע שוואַרצע פּאַפּקעס — קאָמפּליצירטע צייכענונגען, אויסרעכענונגען, ציפֿערן, ציפֿערן, ציפֿערן.

ווען ס'וואָלטן ניט זײַן דידאָזיקע ציפֿערן, וואָלטן ניט געווען קיין זאַוואָדן אויך.

דאָ זייַנען, פאַרשטייט זיך, ניט אַלע צייכענונגען, נאָר בלויז די סאַמע וויכטיקסטע. בלויז פאַרן מאַגניטאָגאָרער זאַוואָד אַליין האָט מען צונויפגעשטעלט 30 טויזנט בויגנס צייכענונגען. וואָסזשע איז עס פאַר אַ מוזיי, וויאַזוי הייסט ער? דאָס איז דער מוזיי פון מיפּראָמעז [1] — מעלוכישער אינסטיטוט אַפּ פּראָעקטירן נייַע מעטאַל־זאַוואָדן.

פון פרי ביז נאַכט קאָכט אין מיפּראָמעז די אַרבעט. טויזנטער אינזשענערן רעכענען, צייכענען, רעכענען ווידער. דאָ זייַנען פאַראַן בויערס פון הייַזער, בויערס פון שיפן, ספּעציאַליסטן פון קוילן און ספּעציאַליסטן פון שטאָל, באַרג־אינזשענערן, טייַך־אינזשענערן, לופט־אינזשענערן. אין 1929 יאָר האָבן זיי אויסגערעכנט הונדערט מיט זיבן זאַוואָדן, אין 1930 יאָר איז געווען בא זיי אין דער אַרבעט הונדערט זיבעציק זאַוואָדן. און דידאָזיקע זאַוואָדן זייַנען ניט קיין קליינע. צווישן זיי זייַנען דאָ גיגאַנטן. פאַר די אַרבעטער פון יעדער גיגאַנט וועט מען דאָ דאַרפן בויען ניט קיין ייִשוּווים, נאָר גאַנצע שטעט, מיט טויזנטער הייַזער און צענדליקער גאַסן. נייַן סאַמע גרעסטע זאַוואָדן וועלן אַרויסבאַקומען אייַזן. אינגאַנצן זייַנען זיי נייַן, נאָר אַרויסבאַקומען וועלן זיי אייַזן מערער איידער אַלע אַלטע זאַוואָדן איינעם גענומען. זיבן זאַוואָדן אַ קאַפּעלע — אַ קאַפּעלע קלענער. דידאָזיקע זאַוואָדן וועלן בויען פון אונדזערטוועגן טראַקטערס, אויטאָמאָבילן, וואַגאָנעס, קאָמבייַנען, טורבינעס, עלעקטראָמאָטאָרן. דאָס זייַנען די סאַמע גרעסטע. און וויפל איז דאָ נאָך אַנדערע! און אַלע זייַנען זיי געבוירן געוואָרן אין מיפּראָמעז. אין פאַרגלייַך מיט יעדערן פון דידאָזיקע זאַוואָדן איז דער מויער אַפּ פּאָנטאַנקע, אין וועלכן סע געפינט זיך דער מיפּראָ־

[1] Гипромез.

מעז, — א פּיצעלע שטיבעלע, אָבער א מענטשלעכער געדאנק דארף דען האָבן אסאך אָרט? מערקווירדיקע דערפינדונגען זײַנען געבוירן געוואָרן אינעם מענטשנס מויעך און פארשריבן געוואָרן אף שטיקעלעך פּאפּיר. אלע וויכטיקסטע געזעצן פון פיזיק און כעמיע קען מען פארשרײַבן אין איין ביכעלע און דאָסדאָזיקע ביכעלע ארײַנלייגן אין קעשענע. אָבער וויסנדיק דידאָזיקע געזעצן, בויט דער מענטש ריזיקע מויערס, ברעקלט ער בערג, גראָבט ער אויס אונטער דער ערד שטעט.

## 2. צוליב וואָס דארף מען גיגאנטן

אָבער פארוואָס דארף מען עס דאפּקע גיגאנטן? ווו דו שטייסט און גייסט, איז נאָר: זאוואָד־גיגאנט, ראטווירט־גיגאנט. מעשוגע זײַנען אלע געוואָרן אף גיגאנטן. צי וואָס? און עפּשער לוינט גאָר בעסער קליינע זאוואָדן? מע דארף דאָך עס דורכקאָנטראָלירן. מיקען דאָך ניט גלייבן אלץ אפן וואָרט.

נו, איז צוליב וואָס־זשע דארפן מיר האָבן זאוואָדן־גיגאנטן?

## 3. ווען טאָר מען זיך ניט באנוצן מיט דער קייפל-טאבעלע

לייזט אזא מין אופגאבע. פאראן צוויי זאוואָדן. איינער א קלייניקער, דער צווייטער — הונדערט מאָל גרעסער. דער קלייניקער זאוואָד ברענט אויס אין א שאָ 80 קג קוילן. וויפל קוילן ברענט אויס דער גרויסער זאוואָד?

איך ווייס, וויאזוי איר וועט דידאָזיקע אופגאבע לייזן. איר וועט נעמען 80 און קייפלען אף 100. וועט זיך באקומען 8.000.

דער ענטפער: 8.000 קג אין א שאָ.
ס'איז ריכטיק?
ניט ריכטיק. לאַכלוטנ ניט ריכטיק.
דער גרויסער זאוואָד ברענט אויס אינ א שאָ נאָר 1.000 קג.
וואָס הייסט?
פאַרוואָס?
אונ די קייפל־טאַבעלע?
די קייפל־טאַבעלע איז אהערצו ניט שייַעכ.
דאָ קענ מענ זיכ מיט דער קייפל־טאַבעלע ניט באַנוצנ. די גאַנצע זאַכ באַשטייט אינ דעמ, וואָס אפנ גרויסנ זאוואָד איז א גרויסע דאַמפּ־מאַשינ פונ 2.000 קראַפט. אונ אפנ קלייניקנ זאוואָד — א קלייניקע, סאַכאַקל פונ 20 קראַפט. די גרויסע מאַשינ איז הונדערט מאָל שטאַרקער, אָבער ניט הונדערט מאָל גרעסער, ניט הונדערט מאָל העכער. אונ קוילנ באַדאַרפ זי האָבנ ניט אינ קייג הונדערט מאָל מערער, נאָר בלויז אינ צוועלפ מאָל. א גרויסע מאַשינ לוינט בעסער איידער א קליינע.

## 4. הענט פאַר קילאָגראַמענ, קראַנענ פאַר טאָנעס

אפ א קליינעמ זאוואָד דאַרפ מענ איבערטראָגנ מאַסאָעס אונ אפ א גרויסנ זאוואָד דאַרפ מענ איבערטראָגנ מאַסאָעס. נאָר אפ א גרויסנ זאוואָד דאַרפ מענ טראָגנ טאָנעס, אונ אפ א קליינעמ זאוואָד — קילאָגראַמענ. קילאָגראַמענ קענ מענ איבערטראָגנ מיט די הענט אויכ, אונ אפ טאָנעס דאַרפ מענ הייב־קראַנענ.
שטעלנ א הייב־קראַנ אינ א קליינעמ וואַרשטאַט האָט קיינשומ זינענ ניט. נעמ אונ טראָג. איר וועט דאָכ ניט גייג באַ זיכ אינ צימער איבערטראָגנ די ביכער פונעמ טיש אפ דער

פּאָלעצע מיט א קראַנ. א גרויסער זאוואָד—איז עפּעס אנדערש. דאָרטנ אָנ א קראַנ איז אזויווי אָנ א האַנט. דאָרטנ אויב מע זאָל אלצ טראָגנ אפ זיכ, איז וויפל וואָלט מענ געדארפט אפ דערופ אי קויעכ, אי צײַט! אונ ס'מאכט זיכ, אז דו וועסט ניט קענענ אופהייבנ, וויפל דו זאָלסט זיכ ניט בעריענ.

קומט אויס, אז א גרויסער זאוואָד לוינט בעסער דערמיט נאָכ, וואָס דאָרטנ האָט א זינענ צו שטעלנ הייב־קראַנענ אונ אלערליי אנדערע צופּאסונגענ.

## 5. פּיס פאר מעטער, לאָקאָמאָטיוונ פאר קילאָמעטער

אונ מעהאלעכ! א קליינעמ זאוואָד קענ מענ ארומגייִנ פאר פינפ מינוט. אונ א גרויסער זאוואָד—דאָס איז צומאָל א גאַנצע שטאָט. אפ א קליינעמ זאוואָד ציילט קיינער ניט די שפּאַנ. אונ אפ א גרויסנ זאוואָד? אנו, טוט נאָר א פּרווו זיכ דורכלויפנ מיט א וואגאָנעטל פונ איינ עק ביזנ צווייטנ!

דער כעשבנ איז א קלאָרער—אוועקלייגנ שפּאלעס אונ רעלסנ, לאָזנ לאָקאָמאָטיוונ, עלעקטראָצוגנ, עלעקטרישע וועגעלעכ. פּיס פאר מעטער, אונ לאָקאָמאָטיוונ פאר קילאָמעטער!

## 6. ווענ איז טויזנט מערער פונ צוויי טויזנט

קלאָר, הייסט עס, אז פונ וואָס פאר א זײַט מע זאָל ניט צוגייִנ, איז א גרויסער זאוואָד לוינט בעסער. אפ א גרויסנ זאוואָד איז אי מערער מאשינעס, אי זיי זײַנענ בעסערע. ס'איז

אָבער פאראַן נאָך איין זאַך אויף א גרויסן זאַוואָד, וואָס ניט יעדערער ווייסט באַמערקן. אויף א גרויסן זאַוואָד איז מער אָרדע־נונג, ווייניקער אַרומלויפעניש. יעדערער האָט זיך זײַן אַרבעט. איינער שלײַפט אָן דעם אינסטרומענט, דער צווייטער אַרבעט מיט אים. איינער האַקט אַרײַן א באָלט, דער צווייטער פאַר־שרויפט א מוטערקע.

די זאַכן לויפן אַליין צו די מענטשן. אומעטום — באַוועגלעכע לענטעס, וועגעלעך אויף ראָליקעס, הענגענדיקע וועגן, זיך דרייענ־דיקע טישן, אָנגעבויגענע רינוועס, שרויפיקע אַראָפּגענג, הייב־מאַשינעס.

זאַכן פליִען אַרויף, פליִען אַראָפּ, לויפן אַרויף ביז אונטער דער סטעליע און ווערן אײַנגעזונקען דורכן פּאָל איבעם אונ־טערשטן שטאָק. די מענטשן שטייען, און די זאַכן באַוועגן זיך.

אויף א גרויסן זאַוואָד איז די אַרבעט בעסער אָרגאַניזירט, בעסער אויסגעשטעלט. טויזנט מענטשן אויף א גרויסן זאַוואָד וועלן מערער אויפטון איידער צוויי טויזנט מענטשן, וואָס זײַנען צעוואָרפן איבער קליינינקע זאַוואָדן.

אויף אונדזער פראָנט פון זאַוואָדן און פאַבריקן וועלן מיר זיך א לאָז טון אין שלאַכט גרויסע מאַכנעסווײַז, אין געשלאָ־סענע רייען. א ריכטיקע אָרגאַניזאַציע, איינמוטיקײַט, דיסציפּלין. אָט דאָס וועט אונדז ברענגען צום זיג.

## 7. וואָס זאָגט קלעמיט

קלעמיט איז אַן אַמעריקאַנער אינזשענער. אַמאָל איז ער געווען א לערן־ייִנגל אין א מאַרטען־צעך. איצטער איז ער איינער פון די סאַמע דערפאַרנסטע אַמעריקאַנער מעטאַלורגן, א קענער אין מעטאַל.

אים האָט מען איינגעלאַדן קיין פסרר צוליב דעם, ער זאָל אונדז העלפן מיט זיין דערפאַרונג און קענטעניש.

וואָס־זשע זאָגט דער אינזשענער קלעמיט?

ער זאָגט:

— „די מעטאַלורגיע פון פסרר איז נאָך אַ וויג־קינד, ניט געקוקט דערויף, וואָס ס'זיינען דאָ עטלעכע אַלטע זאַוואָדן. די מעטאַלורגיע אין פסרר האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן. דעריבער זיינט איר גליקלעך, וואָס איר קאָנט בויען פון סאַמע אָנהייבס".

וואָס הייסט עס?

— „איר זיינט גליקלעך, דערפאַר וואָס בא אייך איז נישטאָ קיין זאַוואָדן".

וואָס־זשע פאַר אַ זינען האָט עס?

צי ער מאַכט כויזעק פון אונדז, דער אינזשענער קלעמיט, צי וואָס?

ניין, דער אינזשענער קלעמיט מיינט עס ערנסט. און ער איז גערעכט. בעסער איז צו בויען אַפּדאָסניי, איידער איבער־צובויען אַלטע שקראַבעס. אין דערזועלבער אַמעריקע איז דאָ אַסאַך אַלטע זאַוואָדן, מיט אַלטע, פאַרעלטערטע מאַשינעס. דידאָזיקע זאַוואָדן אַרבעטן ערגער ווי נייע. און פונדעסטוועגן האָט נאָך קיינער זיי ניט זיי אַוועקצוואַרפן. מע האָט דאָך געפּאַטערט אַפ זיי ניט איין מיליאָן דאָלער.

מיר הייבן אָן בויען פונדאָסניי. מיר קענען אויסבויען אַלץ נאָכן לעצטן וואָרט פון טעכניק. אַפ אונדזערע זאַוואָדן וועלן זיין די בעסטע מאַשינעס. סאַמע די שטאַרקסטע, סאַמע די בעסטע. מיר בויען אַפ אַ ליידיק אָרט.

איז וואָס־זשע! אַפ אַ ליידיק אָרט איז טאַקע באַקוועמער צו בויען.

## 8. דאָרט, ווו ס'האָט געוואנדערט דער קאָזאק...

„דער מאגניטאָבארג. דאָס איז ניט איינער, נאָר פיר בערג. אונטערן בארג הייבט זיך אָן סטעפּ. באם צופוסנס — א „קאָש", די יורטע פונעם קירגיז[1]), וואָס וואנדערט דאָ זומער־צײַט. דער אײַזן-ארץ ליגט דאָ אין דורכויסיקע שטיקער צו 3—4 מעטער אין דער לענג, צו 2 מעטער אין דער ברייט און אין דער הייך. דער ארץ איז פון אויסגעצייכנטער קוואליטעט, קימאט אָן שעד־לעכע צומישן. דעם ארץ ארבעט מען איבער אפּ בעלאָרעצקער זאוואָד. דער זאוואָד באווײַזט קאַם איבערצוארבעטן פאר א יאָר דאָס, וואָס מע באקומט ארויס פאר צוויי — דרײַ וואָכן קאָלאָסאלע זאפּאסן ארץ ליגן ניט גערירט".

דאָס איז אן אויסצוג פון א ביכל אפּ געאָגראפיע, וואָס מע האָט עס ארויסגעגעבן עטלעכע יאָר פאר דער רעוואָלוציע.

באם צופוסנס פונעם מאגניטבארג, דאָרט ווו גאָר ניט לאנג נאָכן האָט אומגעוואנדערט מיט זײַנע סטאדעס דער קאָזאק בויט זיך איצטער א ריזיקער מעטאלורגישער זאוואָד.

אפן אלטן בעלאָרעצקער זאוואָד איז געווען 1.700 ארבעטער אפּ מאגניטאָגאָרער זאוואָד וועט זײַן 11.000 ארבעטער[2]).

---

1) אמאָל האָט מען די קאָזאקן — די אײַנוווינער פון קאזאקסטאן — ניט ריכטיק גערופן קירגיזן.

2) דאָס איז לויטן ערשטן פּלאן. איצטער האָט מען די פארגעבונג פאר־גרעסערט. דער מאגניטאָגאָרער זאוואָד וועט געבן ניט קיין 800 טויזנט טאָן טשוהונ אין א יאָר, ווי מע האָט גערעכנט, נאָר 2,5 מיליאָן טאָן. אין דער גאנצער וועלט איז דאָ בלויז איין זאוואָד אזא גרויסער — אין אמעריקע. די מעכטיקײַט פון דער עלעקטראָסטאנציע וועט זײַן ניט קיין 80 טויזנט פערדקראפט, נאָר 320 טויזנט. ארבעטער וועט זײַן אסאך מערער ווי ס'איז געווען אינעם ערשטן פּראָעקט.

דער כילעק איז גאָרניט אזא גרויסער.

דערפאר אָבער איז אפנ אלטנ בעלאָרעצקער זאוואָד געווענ סאכאקל 24 טויזנט מעכאנישע ארבעטער (1.200 פערדקראפט). אונ אפנ מאגניטאָגאָרער זאוואָד וועט זײַנ 6.400.000 טויזנט מעכאנישע ארבעטער (320 טויזנט פערדקראפט).

מעכאנישע באהעלפערס וועט אפנ מאגניטאָגאָרער זאוואָד זײַנ קימאט אינ 300 מאָל מער!

אונ אָט אינ דעמ טאקע באשטייט דער אונטערשייד צווישנ יענע זאוואָדנ, וואָס מ׳האָט געבויט ביז דער רעוואָליוציע, אונ די זאוואָדנ, וואָס מיר בויענ איצטער.

וואָס־זשע וועט טונ אפנ מאגניטאָגאָרער זאוואָד דידאָזיקע ארמיי מעכאנישע סאָלדאטנ?

אינ וואָס באשטייט די אופגאבע?

מע דארפ נעמענ דעמ מאגניטבארג, וואָס באשטייט קימאט דורכויס פונ אײַזנ־ארצ, אונ פארוואנדלענ אימ אינ שטאָלענע רעלסנ, באליקעס בלעכנ אונ פרענטעס אײַזנ.

וויאזוי מאכט מענ דאָס?

## 9. א בארג, וואָס מע וועט אימ אופעסנ

דער בארג אטאטש איז איינער פונ די פיר שפיצנ פונעמ מאגניטבארג.

אינ די זײַטנ פונ בארג האָט מענ אויסגעהאקט טרעפ. יעדער טרעפל האלט די הייכ 8 מעטער.

אפ די טרעפלעכ זײַנענ דורכגעפירט רעלסנ־ליניעס, אפ די ליניעס באוועגנ זיכ אהינ אונ צוריק עלעקטרישע צוגנ. אינ די עקנ ארבעטנ עקסקאוואטערס—לאָדנ איבער דעמ באָר־וואָס

די אײַזערנע כײַעס — עקסקאוואטערס וועלנ אופעסנ דעמ באר אטאטש. שטיקערווײַז וועלנ זיי ארויסנעמענ בא אימ דעמ ארצ

אופגעריסענעם ערד אין די וואַגאָנעס. דאָס זײַנען די צוקונפֿ־טיקע מאַגניטאָגאָרער ערצגרובנס. איצטער איז נאָך דער באַרג אַטאַטש ניט צעגעסן מיט קײַן טעראַסעס. אָבער אינגיכן וועלן קומען אַרבעטער מיט עקבויערס און דינאַמיט, וועט זיך צע־טרייסלען דער באַרג אַטאַטש פֿון די שווערע קלעפּ.

— וואָס איז עס? — וועלן מענטשן זאָגן — ווי קנאַקט מען עס פֿון האַרמאַטן?

— ניין, — וועט מען זיי ענטפֿערן, — דאָס קנאַקט מען ניט פֿון קײַן האַרמאַטן. דאָס רײַסט מען אויף מיט דינאַמיט דעם ערד אַפֿן באַרג אַטאַטש.

די אײַזערנע כײַעס — עקסקאַוואַטערס וועלן אויפֿעסן דעם באַרג אַטאַטש. אַ שטיק נאָך אַ שטיק, אַ טרעפּ נאָך אַ טרעפּ וועט מען אַרויסנעמען דעם גאַנצן ערד. אַלץ נידעריקער און נידעריי־קער וועט זיך אַראָפּלאָזן דער באַרג־שפּיץ, אַלץ טיפֿער און טיפֿער וועלן אינעם באַרג אַרײַנדרינגען די טרעפּ. אַ טאָג נאָך אַ טאָג וועט איבערוואַנדערן דער באַרג אַפֿן זאַוואָד — אין די דאָמנע־אויוונס. און דאָרטן אין די פֿײַערדיקע געדערים פֿון די דאָמנעס וועט זיך פֿונעם ערד אויסשמעלצן טשוהון פֿאַר אונדזערע זאַוואָדן



# 10. קנישעס פונ קוילנ אונ ארצ

בעשאס מע רײַסט אופ ארצ, באקומענ זיכ גרויסע שטיקער, אונ סע באקומענ זיכ פּיצעלעכ אויכ. די קלײנע שטיקלעכ טויגנ ניט פאר די דאָמנע־אויװנס. װענ מע זאָל זײ ארײַנשיטנ אינ אויװנ, װאָלטנ די פּיצעלעכ ארצ פארפּילט אלע בלויזנ צװישנ די גרויסע שטיקער, אונ דער אויװנ װאָלט פארלאָשנ געװאָרנ. דאָס איז אלצײנס, װי מע זאָל אינ א סאמאָװאר־טרויב אָנשיטנ אָנשטאָט גרויסע קולנ קוילנ־פּראָשעק.

אָבער װוּהינ זאָל מענ אהינטונ די קלײנע שטיקלעכ?

ארויסװארפנ זײ, װי מ'האָט עס געטונ פריִער?

נײנ, דאָס װעלנ מיר ניט טונ. ס'איז דאָכ ניט קײנ מיסט, ס'איז אײַזנ.

מיר גײענ דאָכ אומ איבער די הויפנ, קלײַבנ צונויפ אײַזנ־בּרוכ. אײַזנ איז פאר אונדז דאָסזעלבע, װאָס ברויט. װיאזוי קענענ מיר עס ארויסװארפנ?

מע דארפ עפּעס צוקלערנ. מע דארפ געפינענ א מיטל, װי־אזוי פונ די קלײנינקע שטיקעלעכ ארצ צו מאכנ גרויסע. אונ אזא מינ מיטל האָט מענ געפונענ. פונ די ארצ־פּיצעלעכ װעלנ מיר באקנ קנישעס. מיר װעלנ זײ צונויפמישנ מיט קוילנ־שטויב אונ אָפּבאקנ אינ גרויסע קײלימ. די קוילנ װעלנ אויסברענענ, אונ די שטיקעלעכ ארצ װעלנ זיכ צונויפבאקנ אינאײנעמ, װעט װערנ שװארצע קנישעס. נעמענ מיר דידאָזיקע קנישעס אינ א צעבער ארײַנ, דעמ צעבער שיקנ מיר ארופ מיט א מעשופּע אײַזנבאנדל אפנ סאמע פונויבנ פונ דער דאָמנע. דער צעבער װעט אָנקומענ, װעט ער זיכ איבערקערנ אונ ארײַנשלײַדערנ א בארג קנישעס דעמ ריז, דעמ דאָמנע־אויװנ, גלײַכ אינ מויל ארײַנ. —

צו דעמ דאָמנע־אויװנ, הויכ איבערנ זאװאָד, לויפנ איבעו
דער לופט באַנ־װאגאָנדלעכ מיט ארצ. אונטנ הענגט א נעצ
װי אינ צירק. אז סע רײַסט זיכ אראָפּ א װאגאָנדל פונע
קאנאט—פאלט עס אראָפּ אפּ דער נעצ. רעכטס—אנ אײַנגע
בויגענער בריק, װאָס מע דערלאנגט דורכ אימ דער קאָק
אונ דעמ קאלכ. אונטנ — א צוג. ער נעמט אָנ טשוהונ



# 11. אזא מאשינ האָט מענ ניט געזעענ

אינ איינער א לענינגראַדער צײַטונג איז ניט לאנג געווענ אָפּגעדרוקט אָט וואָס: „אפ די זאוואָדנ פונ דאָרעמ־שטאָל („יוגאָסטאל") וועט מענ אוועקשטעלנ אנ אויווּנ—„בליומינג" מיט אזא פּראָדוקטיווקײַט, וואָס מ׳האָט נאָכ אינ פּסרר אזוינס ניט געזעענ".

טאקע ווי א בלינדער אינ גרוב ארײַנ.

א בליומינג איז בעסאכאקל גאָר קיינ אויווּנ ניט, אונ אפילע ניט געראָטנ אפ קיינ אויווּנ. אונ אויב בא אונדז ווייסט מענ נאָכ ניט, וואָס איז אזוינס א בליומינג, איז עס דערפאר, וואָס בא אונדז איז ווייניק מאשינעס, ווייניק זאוואָדנ. אָבער אינ א יאָר פינפ ארומ איז ניט וואָס א מיטארבעטער פונ א צײַטונג, נאָר יעדער שילער וועט וויסנ, וואָס ס׳איז אזוינס א בליומינג.

וואָס־זשע איז אזוינס א בליומינג?

דאָס איז ניט קיינ אויווּנ, נאָר א מאשינ, וואָס פונ קורצע שטאָלענע שטיקער מאכט זי לאנגע שטאנגענ אפ רעלסנ אונ אפ באלקעס. אינעמ מארטענ־צעכ, דאָרט ווו פונ טשוהונ מאכט מענ שטאָל,—באקומענ זיכ נאָכ ניט קיינ רעלסנ אונ ניט קיינ באלקעס, נאָר קורצע גראָבע שטיקער. דידאָזיקע שטיקער דארפ מענ אויסציִענ, דורכוועלצנ צווישנ די וואלצנ, אזויווי לאָקשנ מיט א קאטשעלקע. אונ דאָס טאקע טוט דער וועלצ־געשטעל— בליומינג. דאָס איז זייער א גרויסע מאשינ. דערפאר הייסט זי אפ רוסיש ניט „סטאנאָק", נאָר „סטאנ". אנ עלעקטריש וועגעלע פירט צו אימ צו א צעגליטנ שמעלצ־שטיק. צוגעלאָפנ דאָס וועגע־לע צומ בליומינג, איבערגעקערט דאָס שמעלצ־שטיק אפנ ראָ־ליק־וועג. צעדרייענ זיכ די ראָליקעס, דאָס שמעלצ־שטיק פאָרט ארײַנ גלײַכ אינ דער שמאָלער לאָכ צווישנ די וואלצנ פונ בליו־

מינג. דורכגעפּאָרנ — אונ זיכ צונויפגעפּלעטשט, זיכ אויסגעצויגנ אינ דער לענג, זיכ איבערגעקערט אפ דער אנדערער זײַט אונ אוועקגעפּאָרנ צוריק אינ מאשינ ארײַנ.

אהינ אונ צוריק, אהינ אונ צוריק געשווינד קערט איבער די מאשינ דאָס שמעלצ־שטיק, דרייט אימ איבער פונ איינ זײַט אפ דער צווייטער, ציט אימ אויס, פּרעסט אימ צונויפ פונ אלע זײַטנ.

אינ איינע צוויי מינוט איז דאָס שטיק מאָגער געוואָרנ, האָט זיכ אויסגעצויגנ, ווי א פּײַערדיקע שלאנג. געהאלטנ האָט עס די לענג סאכאקל $1/_2$ מעטער, אונ אויסגעצויגנ זיכ ביז קנאפּע 20.

אונ אויבנ — אפ זײַנ קאפּיטאנ־בריקעלע שטייט דער מאשי־ניסט, פּירט אָנ מיט דער מאשינ. ס'ארא קלייניקער ער דאכט זיכ אויס! אונ דאָס טוט ער דאָכ אלצ! דאָס שפּילט ער זיכ דאָכ מיטנ הייסנ, צעגליטנ שטיק, ווי א קונצנמאכער מיט א פּילקע. אונ בריט זיכ ניט אָפּ די הענט. פאר צוויי מינוט קערט ער איבער דאָס שמעלצ־שטיק פופצנ מאָל אהינ אונ צוריק. אונ דאָס שטיק פארוועגט עטלעכע טאָנ!

אָט וואָס פאר א מאשינעס ס'וועלנ זײַנ בא אונדז אפ אונ־דזערע מעטאלורגישע זאוואָדנ. אפנ מאגניטאָגאָרער זאוואָד וועלנ זײַנ דרײַ בליומינגענ.

## 12. דער פּלאנ באשאפט א לאנד

אפ איבערצובויענ דאָס לאנד לויטנ פינפיאָריקנ פּלאנ וועלנ מיר דארפנ האָבנ זייער אסאכ מעטאל אונ זייער אסאכ קוילנ. מעטאל אונ קוילנ וועט מענ דארפנ האָבנ אי אינ צאָפנ, אי אינ דאָרעמ, אי אינ צענטער, אי אינ מיזרעכ אפנ אינ ווײַטנ מיזרעכ. אונ ווו געפינענ זיכ אונדזערע שאכטעס אונ מעטא־

לורגישע זאוואָדן? דער גרעסטער טייל זייערער געפינט זיך אין מײַרעוו. דאָס לאַנד אונדזערס איז מיט איין זײַט א פעטס און מיט איינער א מאָגערס: אין מײַרעוו — שטעט, זאוואָדן, אײַזנבאנען, אין מיזרעך, — שטיל, ניטאָ קיין מענטשן. און אזוי איז דאָס לאַנד אויסגעוואָקסן, א איינזײַטיקס, א צעקרומטס, דערפאר, וואָס פריִער האָט קיינער ניט געזאָרגט וועגן די „ראנד־געגנטן". ערשט איצט זײַנען אָט די „ראנד־געגנטן" געוואָרן גלײַכבארעכטיקטע אָנטיילנעמער אין דער גרויסער בויונג. דאָס גאנצע לאַנד וואקסט, דער גאנצער ריזיקער קערפּער פון לאַנד פאָדערט שפּײַז — קוילן און מעטאל. צי וועט מײַרעוו אימשטאנד זײַן לייזן אָט די אופגאבע — געבן מעטאל און קוילן דעם גאנצן לאַנד? ניין, ער וועט ניט אימשטאנד זײַן, מע דארף האָבן נאָך איין באזע פון קוילן און מעטאל — אין מיזרעך. און דידאָזיקע באזע מוז מען שאפן.

צי האָבן מיר אין מיזרעך רעזערוון ערץ און קוילן? מיר האָבן. אפ אוראל איז פאראן מיליארדן טאָן קוילן. נאָר די שוועריקײַט באשטייט אין דעם, וואָס צווישן די קוילן מיטן ערץ ליגט א מעהאלעך פון 2000 קילאָמעטער.

פּונקט מיט אזא אופגאבע האָבן געהאט צו טון די אמעריקאנער. בא זיי איז דער ערץ געוועזן אין צאָפן־מײַרעוו פון די גרויסע אָזערעס, און די קוילן — אין פּיטסבורגער ראיאָן. דאָרטן זײַנען אָבער צווישן די קוילן מיטן ערץ געליגן די גרויסע אָזערעס, איז דער ערץ אוועק צו די קוילן מיטן וואסער!

אונדז האָט די נאטור ניט צוגעגרייט קיין וועגן. מיר דארפן זיי אליין שאפן. און דאָס ערשטע, וואָס מע דארף טון — דאָס איז פאראייניקן אוראל און קוזבאס מיט א פעסטער נעץ פון אײַזנבאן־ליניעס.

האָבן מיר דידאָזיקע אופגאבע געלייזט?

ניין, זי איז נאָך ניט געלייזט. ס'איז גאָרניט אזא פּראָסטע זאך. די צוגן וועלן בא אונדז גיין אין איין זייט אָנגעלאָדענע, און צוריק — ליידיקע. און טרייבן ליידיקע צוגן הייסט לאָזן אפּן ווינט מיליאָנען רובל.

וואָס־זשע טוט מען? מע דארף עפּעס צוטראכטן.

מע דארף מאכן אזוי, אז די צוגן זאָלן אהין און צוריק עפּעס פירן.

וואָס־זשע קענען זיי אזוינס פירן פון אוראל קיין קוזבאס? ארץ.

דארף מען, הייסט עס, פירן ארץ.

אין איין זייט אריין — קיין אוראל — וועלן גיין קוילן, און צוריק — קיין קוזבאס — ארץ.

איז וואָס־זשע וועלן מיר אין קוזבאס טון מיט דעם ארץ? שמעלצן פון אים טשוהון.

און ווי באלד אזוי, דארף מען אין קוזבאס אויך בויען א מעטאלורגישן זאוואָד.

נאָר א מעטאלורגישער זאוואָד אליין איז נאָך ווייניק. אפּ אויסצושמעלצן טשוהון דארף מען האָבן ניט קיין קוילן, נאָר קאָקס, וואָס מע באקומט אים ארויס פון קוילן אפּ די כעמישע זאוואָדן. כוץ קאָקס באקומט מען נאָך דערביי ארויס אנדערע פארשיידענע כעמישע שטאָפן, וואָס מע מאכט פון זיי באגיטי־קונג, פארבן, רעפועס.

דארף מען, הייסט עס, האָבן אויך כעמישע זאוואָדן: סיי אפּ אוראל און סיי אפּן קוזבאס.

נאָר דאָס איז נאָך אויך ווייניק. מירן דאָך דארפן האָבן צו זיי מאשינעס, אסאך מאשינעס.

פונוואנען וועלן מיר זיי נעמען?

מע דארף זיי מאכן. מע דארף אויסבויען דאָרט כאָטש איין מאשינבוי־זאוואָד.

פאר אָט די אלע זאוואָדן וועט מען דארפן האָבן מענטשן, הונדערטער טויזנטער ארבעטער. און מע דארף זיי ברענגען צו פירן.

פאר די ארבעטער וועט מען דארפן האָבן הײַזער, שטעט. דארף מען זיי אויסבויען.

די ארבעטער וועט מען דארפן האָדעווען, אָנטון. דארף מען, הייסט עס, האָבן ראטווירטן, מילן, שעכט־הײַזער, טעקסטיל־פאבריקן, שיך־פאבריקן. דארף מען זיי באשאפן.

פאר די ראטווירטן וועט מען דארפן האָבן טראקטערס. דארף מען אויסבויען א טראקטער-זאוואָד.

פאר די זאוואָדן, שטעט, ראטווירטן וועט מען דארפן האָבן עלעקטרישע ענערגיע. דארף מען אויסבויען אן עלעקטרישע סטאנציע.

איצט גיט א קוק, וואָס האָט זיך באקומען. אָנגעהויבן האָבן מיר פון עטלעכע מעטאלורגישע זאוואָדן און קוילן־שאכטעס, און אויסגעלאָזט האָט זיך מיט א גאנצן לאַנד, מיט שטעט, עלעקטרישע סטאנציעס, ראטווירטן.

דער פלאן באשאפט א לאנד. און דאָסדאָזיקע לאנד בויט זיך שוין. עס רופט זיך אָן — אוראל־קוזנעצקער קאָמבינאט, אוראל-קוזנעצקער זאוואָדן־פארבאנד.

---

# VIII. אײַזערנע מײַסטערס

## 1. וואָסערע מאשינעס זײַנען פאר אונדז די סאמע נייטיקסטע

מעטאל אפ מאשינעס וועלן מיר האָבן.

ענערגיע — אויך.

וועלכע-זשע מאשינעס וועלן מיר בויען?

מיר וועלן דארפן האָבן פארשיידענע מאשינעס. מאשינעס איז פאראנען זייער אסאך. פאר וואָס פאר אן ארבעט איר ווילט, האָט מען צוגעקלערט א מאשין. ס'זײַנען דאָ מאשינעס, וואָס נייען שטיוול. ס'זײַנען דאָ מאשינעס, וואָס שפינען שפינעכץ. ס'זײַנען דאָ מאשינעס, וואָס שלאָגן פוטער. ס'זײַנען דאָ מאשינעס, וואָס מאכן פאפיר. ס'זײַנע דאָ מאשינעס, וואָס רעכענען. ס'זײַנע דאָ מאשינעס, וואָס מאכן מאשינעס.

מאשינעס איז דאָ צענדליקער טויזנטער. וועלכע-זשע פון זיי זײַנען די סאמע נייטיקסטע?

די סאמע נייטיקסטע זײַנען יענע מאשינעס, וואָס מאכן מאשינעס. דאָס איז דאָך קלאָר: אויב ס'וועלן זײַן בא אונדז די-דאָזיקע מאשינעס, וועלן שוין אויך זײַן אלע איבעריקע. אויב ס'וועלן זײַן בא אונדז אײַזערנע שמידן, שלאָסער, טאָקערס, בויערס, שלײַפערס, פאָלירערס, וועלן זיי אונדז מאכן וואָס פאר א מאשין מיר וועלן ווילן, פאר וואָס פאר א זאוואָד מיר וועלן דארפן.

אָט אינ דעמ טאקע באשטייט דער גאנצער איניענ.

ביז אהער איז בא אונדז אזוינע מאשינעס געווענ ווייניק. בא אונדז איז געווענ אווטאָמאָבילנ, ס׳איז אָבער ניט געווענ קיינ מאשינעס, וואָס מאכנ אווטאָמאָבילנ. בא אונדז זײַנענ געווענ טראקטערס, ס׳זײַנענ אָבער ניט געווע קיינ מאשינעס, וואָס מאכנ טראקטערס. אונ דעריבער פלעג אונדז אויסקומענ, אונ סע קומט נאָכ איצטער אויס, צו קויפנ אווטאָמאָבילנ, טראקטערס אונ אסאכ אנדערע זאכנ אינ אויסלאנד אונ צאָלנ דערפאר גרויס געלט.

אונ דאָס טאקע איז שלעכט. אונדזער לאנד ארבעט לויט א פלאנ, אונ דידאָזיקע ארבעט טאָר ניט אָפהענגענ דערפונ, צי וועט עפעס א מיסטער פאָקס דאָרטנ וועלנ אונדז פארקויפנ מאשינעס, צי ער וועט ניט וועלנ.

די אויסלענדישע קאפיטאליסטנ איז ניט געפעלנ אונדזערע פלענער, זיי וואָלטנ געוואָלט ווי ווײַט מעגלעכ אונדז שטערנ. זיי פארשטייענ, אז מיר בויענ סאָציאליזמ, אונ באמ סאָציאליזמ וועט קומענ א סאָפ צומ זשעברעווענ. פארוואָס־זשע פארקויפנ זיי אונדז פונדעסטוועגנ מאשינעס? בלויז דערפאר, וואָס זיי דארפנ האָבנ קוינימ, זיי דארפנ האָבנ אנ אָפזאצ. „ס׳איז שווער זיכ אָפצוזאָגנ פונעמ הײַנטיקנ דאָלער צוליבנ מאָרגעדיקנ טאָג" — אזוי זאָגט דער אמעריקאנער מיליאָרדער פאָרד.

מיר טאָרנ ניט אָפהענגענ פונ די כעשבוינעס פונ די אייראָפּעישע אונ אמעריקאנער קאפיטאליסטנ. אונ דעריבער דארפנ מיר פריִער פונ אלצ בויענ אזוינע מאשינעס, וואָס מאכנ מאשינעס.

## 2. זאכן, וואָס מאכן זאכן

אמאָל פלעג דער מענטש יעדער זאך מאכן אליין, מיט זײַנע אייגענע הענט. איצטער איז זאכן מאכן אליין זאכן. דער מענטש האָט ארײַנגעלייגט דער מאשין אין דער אײַזערנער האנט ארײַן א אינסטרומענט און האָט באפוילן דער מאשין ארבעטן.

איר האָט אמאָל געזען א טאָקער־ווערסטעט?
וויאזוי ארבעט ער?

מיט א אינסטרומענט, א גוט אָנגעשארפט מעסער. אָבער דאָסדאָזיקע מעסער איז פארקלעמט ניט אין קיין מענטשלעכער האנט, נאָר אין אן אײַזערנעם האלטער.

און די זאך, וואָס דער טאָקער־ווערסטעט טאָקט זי, דארף דער ארבעטער אויך ניט האלטן אין דער האנט. דער ווער־סטעט האלט זי אליין, קערעוועט זי אליין.

אָפטמאָל הערסטו, מע זאָגט אפּ א מאשין: זי ארבעט פּונקט ווי אן אײַזערנער מענטש.

אָבער דאָס איז ניט ריכטיק, דאָס איז א געלעכטער. ווען א מאשין זאָל ארבעטן נאָר אזוי גוט, ווי א מענטש, וואָלט ניט געלוינט זי צו מאכן. א מאשין דארף ארבעטן בעסער פון א מענטשן. זי דארף זײַן און קען זײַן הונדערט מאָל געשיקטער, פינקטלעכער, שטארקער איידער א מענטש.

א מענטש האָט נאָר צוויי הענט. צו א מאשין קען מען צו־מאכן אסאך הענט.

א מענטש קאָן ניט ארבעטן מיטאמאָל מיט צוויי אינסטרו־מענטן, און א מאשין קען ארבעטן ניט נאָר מיט צוויי, נאָר מיט א צענדליק אינסטרומענטן.

א מענטש קען ניט טוג קיין צוויי ארבעטן מיטאמאָל. ער קען ניט איינצײַטיק זעגן און שפּאלטן, קלאַפּן און הובלעווען, און א מאשין קען.

פאראן אזוינע ווערסטעטן־אווטאָמאטן. אן ארבעטער לייגט ארײַן אינעם ווערסטעט עטלעכע אײַזערנע ריטער, און דער ווערסטעט נעמט זיך פאר דער ארבעט. צום אלעם ערשטן טאָקט ער אויס מיט דרײַ מעסערס פונעם רוט א באָלט, דערנאָך, מיט אנדערע דרײַ „באארבעטנדיקע" מעסערס, באארבעט ער אים. דערנאָך נעמט זיך צו דער ארבעט דער „פיגור־מעסער"— ער טאָקט אויס דאָס קעפּל, און אין דערזעלבער צײַט שנײַדט אָן דער שרײַפער שרויף־שניטן. און אָט איז שוין אלץ, אלצ פארטיק—סע בלײַבט נאָר דער נײַנטער אינסטרומענט. דער נײַנטער אינסטרומענט—דער „אָפּשנײַדער"—שנײַדט אָפּ דעם באָלט פונעם רוט. און דאָס אלץ טוט זיך אָפּ אזוי געשווינד, אז דו קענסט קאם נאָכשפּירן נאָך דער ארבעט פונעם אווטאָמאט.

אָט א מאשין! ארבעט מיט נײַן אינסטרומענטן. און איר

## אָט די מאשינעס


באָר־מאשין


שלײַפער


אן אווטאָמאט
אף פאטראָנעס


א טאָקער־ווערסטעט
אף שלײַפן וואלן

זאָלט ניט מיינען, אז איין אינסטרומענט רוט זיך אָפּ בעשאס די איבעריקע ארבעטן.

אלע אינסטרומענטן ארבעטן מיטאמאָל. אין דערזעלבער צײַט, וואָס דער אָפּשנײַדער ארבעט איבער איין רוט, איז דער פיגור־מעסער און דער שרײַפער פארנומען מיט א צווייטן, א דריטער מעסער פאָרעט זיך בא א דריטן רוט, און דער „באאר־בעטנדיקער" באארבעט א פערטן.

וואָס פאר א מענטש וואָלט עס געקענט אזוי ארבעטן?

ניין, א מאשין איז ניט קיין לעבעדיקער מענטש.

און די גיכקײַט, מיט וועלכער זי ארבעט! סע טרעפט אמאָל, אז דאָס מעסער ארבעט אזוי שנעל, אז ער ווערט אָנגע־גליט ביז רויט. פאר אזא מין ארבעט דארף מען די מעסערס מאכן פון ספּעציעלן „גיך־שנײַדנדיקן" שטאָל.

און די פּינקטלעכקײַט! איר האָט געזען, ווי סע ארבעטן שמידן?

זיי ארבעטן פאָרוויַז. איינער מיט א קליין העמערל—א האנט־האמער—קלאַפּט איבערן שטיק אײַזן: ווײַזט, ווּהין צו

## וועלן מאכן אָט די מאשינעס


א טראַקטער — שרײַב־מאַשין — קאָמבײַן — מאָטאָציקלעט

קלאַפּן. און דער צווייטער — דער האַמער־שלאָגער — טוט אַ צעוויג און אַ קלאַפּ מיט דעם גרויסן שווערן האַמער. איז דען אָבער מעגלעך, מיט אַ צעוויג דערצו נאָך, מיט אַ שווערן האַמער אַ קלאַפּ צו טון ריכטיק, פּונקט אַהין ווו מע דאַרף? וואָס שטאַרקער ס׳איז דער צעוויג, אַלץ גרעסער איז דער טאָעס.

אָבער אַ טשוהונענער שמיד — אַ דאַמפּ־האַמער — קלאַפּט אָן אַ טאָעס. דער קלאַפּ איז ריכטיק געצילט, אויסגערעכנט. קיין טאָעס קען ניט זײַן.

געשווינד און פּינקטלעך אַרבעט דער טשוהונענער מײַסטער.

און וואָס טוט לעבן אים דער אַרבעטער? ער פירט נאָר אָן, ער איז דער קאָמאַנדיר.

## 3. צוויי לענינגראַדן און דרײַ אוראַלן

מיר דאַרפן האָבן אין דער ערשטער ריי ווערסטעטן, דאַמפּ־האַמערס, שמיד־מאַשינעס, פּרעסן, שערלעך, זעגן.

אָבער קעדיי דידאָזיקע מאַשינעס זאָלן אַרבעטן, דאַרף מען האָבן באַוועגערס: דאַמפּ־ און וואַסער־טורבינעס, דיזעלן, עלעקטראָמאָטאָרן.

האָבן מיר זיי?

ווייניק.

אַז מע וויל, איז בײַ אונדז דער מאַנגל אין באַוועגערס נאָך גרעסער, ווי אין ווערסטעטן. ווערסטעטן וועלן מיר צום סאַפּ פּינפיאָר דאַרפן מאַכן זעקס מאָל אַזויפיל ווי איצטער. און דאַמפּ־טורבינעס וועט מען דאַרפן מאַכן עלף מאָל אַזויפיל! אויך וואַסער־טורבינעס וועלן מיר דאַרפן האָבן אַסאַך: מיר וועלן זיי בויען נײַן מאָל אַזויפיל ווערדליק אין אָנהייב פּינפיאָר.



זע קאָנטראָלירט א נײַע באָר־מאשינ
אפֿנ זאוואָד „רויטער פּוטילאָוועצ״



פּאַרטיק צום אָפּשיקנ ! קאָרפּוסנ
פונ נײַע קעסלענ אפנ לעניגראַ־
דער סטאַלינער מעטאַל־זאַוואָד.

דאָס איז א קאָלאָסאַלע פאַרגעבּונג. אָבּער מיר מוזנ זי אויספּילנ. אַניט וועט פּלאַצנ דער גאַנצער פינפיאָריקער פּלאַנ.

מיר האָבּנ דאָכ פאַרטראַכט צו בּויענ אַזויפיל וואַסער־ אונ דאַמפּ־עלעקטראָסטאַנציעס! פאַר יעדערער פונ זיי וועט מענ דאַרפנ האָבּנ טורבּינעס.

אונ דאַמפּ־קעסלענ ? אויכ ווייניק פאַראַנ בּאַ אונדז.

אונ אפילע יענע, וואָס זײַנענ דאָ, האָט מענ שוינ אויכ פונ־ לאַנג בּאַדאַרפט פאַרבּײַטנ. בּאַ אונדז זײַנענ אפ די זאַוואָדנ

פאראנ זקײנים — קעסלענ, װאָס מ׳האָט זײ געמאכט נאָכ אינ פאָריקנ יאָרהונדערט. אפ יעדער צענדליק קעסלענ פאלט אויס דרײַ זקײנים עלטער פונ 25 יאָר. א מאשינ לעבט װײניקער פונ א מענטשנ. בא 25 יאָר איז שוינ א קעסל א זאָקנ.

זקײנים גיט מענ דעם װעג! מיר װעלנ זײ איבערשמעלצנ אינ די מארטענ־אויװנס, אונ אפ זײער אָרט װעלנ זיכ אװעק־שטעלנ נײַע קעסלענ, קרעפטיקע אונ שטארקע.

נאָכ אסאכ מאשינעס דארפנ מיר האָבנ[1]. מיר דארפנ לאָקאָ־מאָטיװנ, דאמפ־שיפנ, הײב־קראנענ, קאָנװײערס, עלעקטרישע װעגעלעכ, עלעװאטערס אפ צו פירנ אונ אופהײבנ מאסאָעס. מיר דארפנ האָבנ פּאָמפּעס אונ װענטיליאטערס, אפ צו טרײַבנ דורכ די טרויבנ װאסער, לופט, נאפט, פעטס. מיר דארפנ בוי־מאשינעס, װעג־מאשינעס, עקסקאװאטערס, קױלנשניטערס, כעמישע אפאראטנ, קאָמבײַנענ, דרעש־מאשינעס, טראקטערס. ס׳איז דענ איבערצורעכענענ אלצ? מיר דארפנ דאָכ האָבנ א קאָלאָסאלע ארמײ מאשינעס — קױלנגרעבער, ארצגרעבער, טרעגערס, פאָרערס, בויער, ערד־ארבעטער, װעבער, כעמיקער, שוסטערס, מילנערס. אײניקע פונ דידאָזיקע מאשינעס װעלנ ארויסבאקומענ פונ אונדזערטװעגנ רויװארג — ארצ, קױלנ, זאמד, שטײנ. אנדערע װעלנ איבערפירנ דאָס רויװארג אפ די זאװאָדנ. די דריטע װעלנ ארבעטנ אפ די זאװאָדנ — ארויסבא־קומענ פונעם רויװארג סכוירעס. די פערטע װעלנ ארבעטנ אינ די ראטװירטנ אונ קאָלװירטנ, ארויסבאקומענ פאר אונדז ברויט.

---

1) לויטנ פינפיאָריקנ פּלאנ האָט מענ גערעכנט צו פארגרעסערנ דאָס אויס־ארבעטנ מאשינעס אינ 3,5 מאָל. די פארגעבונג װערט אויסגעפילט פארנ טערמינ — ניט אינ 1933, נאָר אינ 1931 יאָר. צום סאָפ פינפיאָר װעט די מאשינ־בױונג אויסװאקסנ ניט אינ 3,5, נאָר אינ 8—9 מאָל.



קאָנסטרוקטיר־מעכאנישער צעכ פונ סטאלינגראדער טראקטער־זאוואָד. אינ אָט דער געבײַדע דארפ מענ אוועקשטעלנ בא אנדערהאלבנ טויזנט ווערסטעטנ. דער זאוואָד דארפ ארויסלאָזנ 50 טויזנט טראקטערס א יאָר. נאָכ אזא זאוואָד איז אויסגעבויט אינ כארקאָוו, אונ אינ טשעליאבינסק בויט ער זיכ נאָכ.

יעדער פונ אונדזערע מאשינבוי־זאוואָדנ וועט דארפנ מאכנ טויזנטער מאשינעס א יאָר. אסאכ מאשינעס האָבנ מיר נאָכ קיינמאָל ניט געמאכט, אונ איצטער וועלנ מיר זיי מאכנ. מיר האָבנ ניט געמאכט קיינ קאָמבײַנעס, ניט געמאכט קיינ אווטאָ־מאָבילנ, ניט געמאכט קיינ קוילנשניטערס, קיינ עלעקטרישע וועגעלעכ, קיינ דיסקעווע זיי־מאשינעס, טראקטער־אקערס, שרײַב־מאשינעס, וועג־מאשינעס, פנעוומאטישע העמערלעכ. מיר וועלנ דארפנ אוועקשטעלנ הונדערטער אינגאנצנ נײַע פראָדוקציעס. אונ דאָס איז דאָכ גאָרניט אזוי פּאָשעט!

אָט וואָס פאר א שווערע אופגאבעס סע שטייענ אונדז פאָר— אוועקשטעלנ נײַע פראָדוקציעס, פארגרעסערנ דעמ ארויסלאָז פונ מאשינעס אינ אסאכ מאָל. אלע לענינגראדער זאוואָדנ צוזאמענ גענומענ באטרעפנ 700 מיליאָנ רובל. אפ איבערצומאכנ דידאָזיקע זאוואָדנ אונ אפ אויסצובויענ נײַע וועלנ מיר פאר פינפ יאָר אויסגעבנ נאָכ בא 700 מיליאָנ. קומט אויס, פאר פינפ יאָר וועלנ מיר אזויווי שאפנ נאָכ איינ לענינגראד. אינ פינפ יאָר ארומ וועלנ מיר האָבנ צוויי לענינגראדנ.

## 4. א זאוואָד — אווטאָמאט

יעדער נײַע מאשינ, וואָס מיר בויענ, וועלנ מיר געבנ א פּינקטלעכע פארגעבונג, א פּינקטלעכנ פּלאנ: אזויפיל אויסאר־בעטנ פאר א שאָ, אזויפיל פאר א טאָג, אזויפיל פאר א יאָר.

אָבער דער גאנצער זאוואָד דארפ אויכ ארבעטנ לויט א פּלאנ.

אויפ דער טראקטער-זאוואָד אינ סטאלינגראד וועט אונדז געבנ ניט קיינ 50 טויזנט טראקטערס א יאָר, נאָר 20, וועט זיכ עס טייקעפ אָפּרופנ אפּ אנ אנדער טייל פּראָנט — אפּ די ראט־ווירטנ אונ קאָלווירטנ. אויפ די דאָמבע־אויוונס וועלנ אונדז געבנ ניט קיינ 17 מיליאָנ טאָנ א יאָר, נאָר 8 אָדער 9, וועט עס די מינוט אָפּשטעלנ האלב פונ אונדזערע מאשינבוי־זאוואָדנ.

יעדער זאוואָד האָט זיכ זײַנ קלײנינקנ פּלאנ. אָבער פונ די־דאָזיקע קלײנינקע פּלענער איז אויסגעבויט דער גרויסער פּלאנ, דער פינפיאָריקער. אונ צוליב דעמ, ס'זאָל אויסגעפילט ווערנ דער גרויסער פּלאנ, דארפ מענ אויספילנ אלע קלײנע פּלענער.

יעדער זאוואָד דארפ ארבעטנ, אזויווי אנ אווטאָמאט.

אָבער וויאזוי קענ מענ מאכנ, אז דער זאוואָד זאָל ארויסווארפנ מאשינעס מיט דער פּינקטלעכקײַט פונ אנ אווטאָמאט? א מאשינ איז דאָכ ניט קיינ פעראָנ־בילעט: ווארפסט ארײַנ א גריוועניקע, טאנצט ארויס א בילעט פונ דער שפּארונע. אזוי טוט זיכ ניט.



טראקטער „אינטערנאציאָנאל" (פונ 30 פערדקראפט), וואָס טע ארבעט אויס דער סטאלינ־גראדער טראקטער־זאוואָד.



א וועג אינדערלופטנ.
זאכנ פאָרנ הענגענדיק.



דער פּאָשעטעסטער מיטל אראָפּצולאָזנ א
זאכ פונ איינ שטאָק אפנ צווייטנ.

א גרויסער זאוואָד — דאָס איז א גאנצע שטאָט. קעסיידער קענ ערגעצ־ווו זײַנ אנ אומאָרדענונג. דאָ האָט זיכ דאָס וואסער אָפּגעשטעלט, דאָרט איז די שײַנ פארלאָשנ געוואָרנ, אינ א דריט אָרט האָט זיכ אנ ארבעטער פארקוקט אפ עפּעס, אינ א פערט אָרט האָט זיכ דער אינסטרומענט צעבראָכנ.

ריכטיק, דאָס אלצ טרעפט זיכ. אונ פונדעסטוועגנ קאָנ מענ אזוי אײַנאָרדענענ, אז דער זאוואָד זאָל ארבעטנ, ווי א מאשינ, ווי אנ אווטאָמאט, וואָס ווארפט ארויס פערטיק־בילעטנ.

אָט, אשטייגער, דער טראקטער־זאוואָד אינ סטאלינגראד.

איצט ארבעט ער נאָכ ניט אינ דער פולער מאָס. לאָזנ א זאוואָד — אונ דערצו נאָכ אזא גרויסנ אונ קאָמפּליצירטנ — איז ניט קײַנ גרינגע זאכ. מיטנ פולנ גאנג דארפ דער זאוואָד אָנהייבנ גיינ אינ אָנהייב 1932 יאָר.

אלע זעקס מינוט וועט פונעמ צונויפשטעל־צעכ ארויספאָרנ א נײַנקער, נאָרוואָס אויסגעפּארבטער אונ אויסגעטריקנטער טראקטער. אלע טאָג וועלנ זיבעציק וואגאָנ רויווארג ארײַנגיינ אינ די טויערנ פונעמ זאוואָד. אונ אלע טאָג וועלנ זיבעציק פּלאטפאָרמעס מיט טראקטערס פארלאָזנ דעמ זאוואָד.

מיט וואָס איז עס ניט קיינ אווטאָמאט?

אָבער וויאזוי מאכט מענ דאָס? וויאזוי דערשלאָגט מענ זיכ צו דעמ?

א וועג אפ ראָליקעס
פאר גרינגע זאכן.

שלעפּן און טאסקען אָט די מאשין-טיילן וואָלט
געווען זייער שווער. און דאָ פאָרן זיי אליין.

א טראקטער — דאָס איז ניט קיין קליין זאכעלע. אין טראק־טער איז פאראן פינף טויזנט באזונדערע טיילן, דעטאלן.

יעדער טייל דארף מען מאכן, אויסגיסן פון טשוהון, אויס־שמידן פון אייזן, באארבעטן אפן ווערסטעט, אויסשארפן אָפּאָלירן, אויסדרעלעווען, אָפּהובלעווען.

און דערנאָך דארף מען דידאָזיקע אלע טיילן צונויפשטעלן צופּאסן איינס צום אנדערן. און טאָמער גייט ניט צו? און טאָמער איז ערגעץ־ווו געווען א טאָעס? דאָס לעכל איז ניט דאָרטן ווו סע באדארף זיין, דער באָלט איז ניט אפן אָרט. דאָס אלץ קען זיך דאָך טרעפן!

און אויב דאָסדאָזיקע וועט זיך טרעפן, אויב אין איין אָרט וועט זיך מאכן א טאָעס, אין א צווייטן, אין א דריטן, ווערט שוין אראָפּגעריסן דער פּלאן פונעם זאוואָד, ווערט שוין אראָפּ־געריסן דער פינפיאָריקער פלאן.

ניין, קיין טאָעסן טאָרן ניט פאָרקומען.

מע דארף איינאָרדענען אזוי, אז קיין טאָעסן זאָלן ניט קע־נען פאָרקומען.

## 5. צי מע קען ארבעט אָן טאָעסן

א קאָלאָסאלער זאל. איבערברייט פונעם זאל — אסאך רייען ווערסטעטן. שטייען אזויווי הייזער אין א שטאָט.

ווערסטעטן וואָס טאָקן, דרעלעווען, הובלעווען, שניידן באָלטן, שניידן אָן מוטערקעס, פרעזירן, שלייפן. 1360 ווערסטעטן.

צווישן די ווערסטעטן — גאסן, הונדערטער גאסן.

איבער די גאסנ באוועגנ זיכ לאנגע שורעס ניט קיינ מענטשנ, נאָר זאכנ — טיילנ, דעטאלנ פונ א טראקטער.

אינ דערדאָזיקער שטאָט זײַנענ, פארשטייט זיכ, נישטאָ ניט קיינ טראמווײַענ, ניט קיינ אווטאָבוסנ.

די גרינגע זאכנ רוקנ זיכ איבער די ראָליק־וועגעלעכ, גליטשנ זיכ איבער די מעשופּע זשאָלאָבעס. די שווערע זאכנ פאָרנ אפ טאטשקעס איבער די רעלסנ־ליניעס אָדער זיי קריכנ פאמעלעכ איבער באוועגלעכע וועגנ—קאָנווייערס. אונ אלע גייענ זיי, לויפנ אונ פאָרנ אינ איינ זײַט—צו דער הויפּט־גאס פונ דער שטאָט. אונ אפנ וועג שטעלנ זיי זיכ אָפּ לעבנ יעדער ווערסטעט, גלײַכ ווי זיי לויפנ ארײַנ אינ די הײַזער. דאָ הובלעוועט מענ זיי אָפּ, דאָרט שארפט מענ זיי אָנ, אינ א דריט אָרט שלײַפט מענ זיי אָפּ, אונ אז די זאכ קומט צו דער הויפּט־גאס, איז זי שוינ געבראכט אינ אָרדענונג, באארבעט, גרייט צו ווערנ א טייל פונ א טראקטער.

אפ דער הויפּט־גאס שטעלט מענ צונויפ פונ די טיילנ דעם טראקטער.



לויטנ פינפיאָריקנ פלאנ האָט די פּראָדוקציע פונ מאשינעס זיכ געזאָלט פארגרעסערנ אינ 3,5 מאָל. איצט איז די פארגעבונג פארגרעסערט געוואָרנ. מיר דארפנ די מאשינבויונג גרעסער מאכנ אינ 8—9 מאָל.

# IX. דער כעמישער צעכ פונ אונדזער לאנד

## 1. אונדזער פארבינדעטע — די כעמיע

„פאר מײַנע אויגנ האָט מענ אופגעריסנ א ריזיקנ פעלדז „באָגאטיר“. מיר זײַנענ געשטאנענ צוויי הונדערט שפאנ פונ אימ, בעשאס ער האָט עטלעכע מאָל טויב א קרעכצ געטונ, א ציטער געטונ, האָט זיכ אײַנגעהילט אינ ווײַסע וואָלקנס. מאָדנע גיכ זײַנענ די וואָלקנס צעגאנגענ געוואָרנ, אונ דער פעלדז, האָט זיכ מיר אויסגעדאכט, איז ברייטער, נידעריקער געוואָרנ“.

דאָס דערציילט גאָרקי וועגנ דעמ, וואָס ער האָט געזעענ אפנ דניעפּערבוי. דאָרטנ רײַסט מענ אופ די פעלדזנ מיט פּאט־ראָנעס פונ פליסיקער לופט אונ סאזשע. אביסל לופט, אביסל סאזשע — אונ א ריזיקער פעלדז ווערט צעשאָסנ אפ פיצלעכ.

ווער האָט עס צוגעטראכט?

דאָס האָבנ צוגעטראכט כעמיקער.

דאָרט טאקע אפנ דניעפּערבוי לאָזנ זיכ אראָפּ אווטאָגענער — וואסערטוקערס אפנ גרונט פונ טײַכ מיט ברענענדיקע לאָמפּנ אונ שנײַדנ שטאָל מיט גאזנ־פלאַמ.

דאָס האָבנ אויכ צוגעטראכט כעמיקער.

אפ די פעלדער פונ א קאָלווירט גיט די ערד צוויי מאָל אזויפיל ברויט, ווערדליק אפ די שכייניש פויערשע פאסעקלעכ.

פארוואָס איז עס?

דערפאר וואָס דער קאָלווירט באגיטיקט זיינע פעלדער מיט כעמישע שטאָפנ, דער קאָלווירט האָט א מעכטיקע פארבינדעטע — כעמיע.

כעמיע העלפט אונדז דלובען פעלדזנ, שניידנ שטאָל, פארוואנדלען ניט קיינ פרוכטבארע ערד אינ פרוכטבארער; כעמיע היילט אונדז, כעמיע וואשט אונדז, כעמיע שפייזט אונדז, באקליידט אונ באשוכט אונדז. אָנ כעמיע וואָלטנ מיר ניט געקענט מאכנ קיינ לעדער, קיינ פאפיר, קיינ זייפ, קיינ גומע, קיינ ליכט, קיינ רעפועס, קיינ פארבנ, קיינ קאָנסערוונ. אָנ כעמיע וואָלטנ מיר ניט געקענט ווייסנ אונ פארבנ קיינ געוועבנ, ארויסבאקומען בענזינ אונ קעראָסינ, אָפרייניקנ וואסער אפ צו טרינקענ, קעמפנ מיט די שעדיקער, וואָס מאכנ א טעל פונ די פארזייענ.



דער ארבעטער האָט געעפנט דעם קראנ. א דינער שטראָם שיטערע לופט גיסט זיכ ארויס אינ א סלוי.

כעמיע פארוואנדלט אומנוצלעכע זאכנ אונ אָפפאלנ אינ זאכנ, וואָס ברענגענ נוצנ אונ מע דארפ זיי האָבנ. פונ צווייגלעכ אונ זעגעכצ מאכט זי זייד. פונ סאָסנע־וואָרצלענ — שפיגינאר אונ קאניפאָל. פונ קוילנ־שטויב אונ פיצלעכ קוילנ — בענזינ, פונ קוילנ־פעכ — פארבנ אונ רעפועס. פונ טשערעט אונ שטרוי — קארטאָנ אונ פאפיר. פונ לופט אונ פונ גאזנ, וואָס גייענ ארויס פונ די קאָקס־אויוונס — אמיאק, וועלכער איז אונדז נייטיק אפ צו פראָדוצירנ באגיטיקונג.

כעמיע האָט אונדז אויסגעלערנט מאכנ קינסטלעכע גומע ניט פונ קויטשוק, בלומענ־פארפומענ ניט פונ קיינ בלומענ, קינסטלעכנ לעדער ניט פונ קיינ פעל, קינסטלעכע וואָל ניט פונ

קיינ וואָל, קינסטלעכנ שטיינ ניט פונ קיינ שטיינ, קינ־סטלעכנ ביינ ניט פונ קיינ ביינ.

קנעפּלעכ פונ קעז, זײַדנס פונ זעגעכצ, נאפט פונ קוילנ — דאָס אלצ וואָלט זיכ ביז גאָר ניט לאנג אויסגעוויזנ פאר א פוסטער מײַסע, אנ אויסטראכטעניש. אָבער דאָס אלצ טוט זיכ שוינ בא אונדז.

כעמיע איז א גרויסער פארבינדעטער פאר דעמ, ווער סע קענ זי אריבערציִענ אפ זײַנ זײַט. אינ מילכאָמע־צײַט פארגיסט כעמיע די פײַנטלעכע שוצ־גראָבנס מיט גיפטיקע גאזנ. אונ כע־מיע ראטעוועט אָפּ מענטשנ פונ דידאָזיקע גאזנ דערמיט, וואָס זי באזאָרגט זיי מיט קעגנגאזנ.

וואָס מערער כעמישע זאוואָדנ ס'איז דאָ אינ לאנד, אלצ רײַ־כער אונ שטארקער איז עס.

אסאכ כעמישע זאוואָדנ האָבנ מיר?

ווייניק.

## 2. כעמישער צעכ פונעמ לאנד — פאבריקנ

מיר פארברענענ אינ די אויוונס די קאָקס־גאזנ אָנשטאָט דעמ, מיר זאָלנ ארויסבאקומענ פונ זיי און פונ דער לופט אמיאַק. מיר לאָזנ ארויס אינ דער לופט שוועבל־גאז פונ די קופּער־שמעלצנדיקע אויוונס אונ פארסאמענ מיט אימ די אומגעגנט אָנשטאָט דעמ, מיר זאָלנ פונ דעמדאָזיקנ גאז מאכנ שוועבל־זויער. אונ שוועבל־זויער וועלנ מיר דארפנ האָבנ פאר אסאכ פּראָדוקציעס. מיר פארמאָגנ מיליארדנ טאָנ פאָספאָריטנ, די סאמע גרעסטע קאלי־לאגערנ אינ דער וועלט, אונ אינ דערזועל־בער צײַט הונגעהנ אונדזערע פעלדער, אונ די פויערימ ווייסנ ניט, וואָס איז אזוינס פאָספאָר אונ קאלי. בא אונדז איז ניטאָ

קיינ זאוואָדנ פונ קינסטלעכנ זײַד, פונ קינסטלעכער וואָל, פונ קינסטלעכנ לעדער. אונדז קלעקט ניט קיינ פּאַפּיר אפ בי־כער אונ צײַטונגענ. אונ צוליב דעמ, מע זאָל מאכנ פּאַפּיר, קינסטלעכנ זײַד, קינסטלעכנ לעדער, קינסטלעכע וואָל, דארפ מענ דאָכ ניט האָבנ קיינ באזונדער מינ רויוואַרג עפּעס, נאָר האָלצ. אונ האָלצ איז דאָ בא אונדז וויפל מע וויל.

הייסט עס, אָט ווו ס'איז דאָס סאמע שוואכסטע אָרט — כעמיע. מיר דארפנ האָבנ כעמישע זאוואָדנ.

דאָרט, ווו סע זײַנענ דאָ קאָקס־אויוונס, — אפ די זאוואָדנ, וועלכע באקומענ ארויס אײַזנ, דארפנ מיר אויכ אויסבויענ כע־מישע צעכנ — זאוואָדנ פונ באגיטיקונג.

דאָרט, ווו מיר האָבנ אסאכ וואלד, דארפ מענ אויסבויענ זאוואָדנ פונ פּאַפּיר, פונ קינסטלעכנ זײַד, פונ קינסטלעכער וואָל, פונ קינסטלעכנ לעדער. בא די קופּערשמעלצנדיקע זא־וואָדנ דארפ מענ אויסבויענ זאוואָדנ פונ שוועבל־זויער.

כעמיע דארפ שליסנ פרײַנטשאפט מיט מעטאל אונ וואלד

די וועלדער וועלנ אָפּגעבנ פאר די כעמישע זאוואָדנ האָלצ, צווײַגלעכ, קאָרטשעס, אָפּפאל פונ די זעג־מילנ. די מעטאלור־גישע זאוואָדנ וועלנ פאר זיי אָפּגעבנ די גאזנ פונ די אויוונס.

אפ די עלעקטראָסטאנציעס וועלנ מיר דורכלאָזנ דעמ דאמפ דורכ טורבינעס, באקומענ עלעקטרישנ שטראָמ, דערנאָכ וועלנ מיר נעמענ דעמדאָזיקנ דאמפ, אנ אָפּגעשוואכטנ, אָבער נאָכ א הייסנ, וואָס פארמאָגט נאָכ ווארעמקײַט, אונ מיר וועלנ אימ אָפּשיקנ אינ די כעמישע אפּאראטנ — מאכנ פּאַפּיר, גומע, זייפ.

דאָס גאנצע לאנד וועט זײַנ איינ ריזיקע פאבריק, אונ אינ דערדאָזיקער פאבריק וועט דער כעמישער צעכ זײַנ ניט אפנ לעצטנ, נאָר אפ איינעמ פונ די ערשטע ערטער.

# 3. א מילכאָמע מיט זאכן

אָבער דאָס איז ניט אזוי גרינג אויסצובויען — דידאָזיקע אלע כעמישע זאוואָדן, וועלכע מיר דארפן האָבן. דאָס איז נאָך ווייניק, וואָס מיר וועלן דארפן צום סאָם פינפיאָר פארגרעסערן דעם ארויסלאָז פון כעמישע אפאראטן אין צוועלף מאָל. דאָס איז נאָך ווייניק, וואָס אונדז וועט אויסקומען צוגרייטן טויזנטער כעמיקער. די סאמע גרעסטע שוועריקייט באשטייט אין דעם, וואָס קימאט אלע פראָדוקציעס דידאָזיקע זײַנען פאר אונדז נײַע פראָדוקציעס. און ניט נאָר פאר אונדז. דידאָזיקע אלע אויסלענדישע זאוואָדן, וואָס באקומען ארויס קינסטלעכע באגי־טיקונג, קינסטלעכן לעדער — דאָס זײַנען דאָך אלץ נײַע זא־וואָדן, אויסגעבויט ערשט אין די לעצטע יאָרן. אסאך זאכן האלט מען בסוד, אסאך זאכן וועלן די אויסלענדישע פאבריקאנטן אונדז ניט אויסזאָגן. מיר דארפן די אלע סודעס אופדעקן, פונסנײַ אנטדעקן דאָס, וואָס איז שוין אנטדעקט געוואָרן.

און איר מיינט, אז אזוי גרינג איז עס ארויסצובאקומען פון לופט קאָקס־גאזן, אמיאַק אָדער פארוואנדלען האָלץ אין זײַד?

אפ די זאוואָדן, וועלכע באקומען ארויס אמיאַק, קומט אויס אָפצוקילן די גאזן אפ 200° נידעריקער פון נול, אָנווארעמען ביז 500° — 600° העכער פון נול, האלטן זיי אונטער א דריקונג פון עטלעכע הונדערט אטמאָספער.

בא אזא דריקונג הייבן אָן די שטאָלענע ווענטלעך פון דער קיילע דורכצולאָזן גאז, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען ניט פון קיין שטאָל, נאָר פון פארוסינע.

און די געפאר פון אן אופרײַס? דער צעהיצטער גאז עסט אויס דעם שטאָל, און ער קען זיך ברעכן און קרישען.

טאָמער רײַסט זיכ דער גאז ארויס אפ דער פרײַ, צערײַסט די שטאָלענע טורמע, דעמאָלט איז פאר די מענטשנ—טויט.

שווער איז דער קאמפ מיט גאז. מע דארפ האָבנ א באזונדער מינ שטאָל, אז דער גאז זאָל דורכ אימ ניט קענענ דורכדרינגענ.

מע דארפ מאכנ א שטאָלענעמ פוטליאר ארומ דעמ גאנצנ אויוונ, אז טאָמער טרעפט זיכ אנ אופרײַס, זאָל עס ניט הארגענענ קײַנ מענטשנ — אלצדינג דארפ מענ פאָרויסזענ. אונדזערע אינזשענערנ אונ ארבעטער איז ביז איצט ניט אויסגעקומענ האָבנ צו טונ מיט אזא שרעקלעכע קעלט (200° נידעריקער פונ נול), מיט אזעלכע הויכע דריקונגענ (ביז 1000 אטמאָספער). ערשט ניט לאנג האָט מענ בא אונדז אָנגעהויבנ בויענ אזוינע זאוואָדנ. אָבער דערפארונג איז שוינ פאראנ, סע זײַנענ שוינ צוגעוווינט געוואָרנ די אינזשענערנ אונ די ארבעטער צו די אפאראטנ אונ זיי ווייסנ, וויאזוי זיכ צו ספראוועענ מיטנ געפערלעכנ סוינע.

א מילכאָמע מיט זאכנ איז ניט קיינ גרינגע מילכאָמע. זי איז אָפטמאָל שווערער, ווי א מילכאָמע מיט מענטשנ. מיר האָבנ אָבער א מעכטיקנ פארבינדעטנ — כעמיע. אונ זי וועט אונדז העלפנ זיגנ.

1927 — 28 י.

1932 — 33 י.

די צוגנ פירנ סופערפאָספאט — באגיטיקונג פאר די פעלדער.
אינ 1927—28 האָבנ מיר ארויסבאקומענ 200 טויזנט טאָנ כעמישע באגיטיקונג. לויטנ נײַעמ פלאנ דארפנ מיר אינ לעצטנ יאָר פונעמ פינפיאָר ארויסבאקומענ ביז 12 מיליאָנ טאָנ באגיטיקונג.

# X. טוויע-גרובנס

## 1. ברויט — דאָס איז קוילנ

ס׳זײַנענ פאראנ שווארצע קוילנ — די, וואָס מיר באקומענ ארויס פונ די שאכטעס. ס׳זײַנענ פאראנ גרינע קוילנ — טאָרפ, ווײַסע קוילנ — די ענערגיע פונ וואסער, העל־בלויע קוילנ — די ענערגיע פונ ווינט, בלויע קוילנ — די ענערגיע פונ יאמ־צופ־לוסנ, געלע קוילנ — די ענערגיע פונ זונ־שטראלנ.

אונ ס׳איז פאראנ נאָכ אײנ מינ קוילנ, נאָכ אײנ קוואל פונ ענערגיע — ברויט.

יעדער שטיקל ברויט — דאָס איז ניט פּאָשעט א שטיקל ברויט, דאָס איז אנ אָנלאָד פונ ענערגיע, דאָס איז עטלעכע שאָ אָנגעשטרענגטע ארבעט מיט הענט, פיס, מיטנ מויעכ.

דידאָזיקע קוילנ דארפנ מיר האָבנ ניט ווינציקער, ווי יענע, וואָס מיר פארברענענ אינ די אויוונס פונ די דאמפּ־קעסלענ.

מיר דארפנ דאָכ האָבנ ענערגיע ניט בלויז פאר די מאשינעס, נאָר פאר די מענטשנ אויכ. מיר דארפנ האָבנ מיליאָנענ טאָנ ברויט, אונ ניט בלויז קײנ ברויט, נאָר פלײש, מילכ, גאָרטנווארג, אונ פּוטער אויכ.

אונ דידאָזיקע סאמע קאָסטבארע קוילנ איז דאָ ווינציק. געלערנטע זאָגנ: פונ דעמזעלבנ שעטעכ וואָלטנ מיר געקענט אראָפּנעמענ צוויי מאָל אזויפיל טוויע ווי מיר נעמענ אראָפּ

איצטער. מיר באַקומען אַרויס ברויט אַסאַך ווייניקער, איידער מע דאַרף. און דערבײַ איז מענטשן, וואָס באַקומען אַרויס ברויט, בײַ אונדז אין לאַנד פאַראַן אַסאַך מערער, איידער מענטשן, וואָס באַקומען אַרויס אײַזן, קוילן און אַנדערע זאַכן.

וואָס־זשע הייסט עס?

דאָס איז דערפאַר, וואָס קוילן, אײַזן באַקומען מיר אַרויס אויף גרויסע פאַבריקן און גרובנס מיט שטאַרקע מאַשינעס, מיט אַ גוט אויסגעשטעלטער אײַנמוטיקער אַרבעט.

און אַסאַך האָבן מיר ברויט־גרובנס, טוווע־פאַבריקן?

זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן צו שאַפן זיך. זיי זײַנען נאָך קליין אין צאָל.

אַ היפּשע צאָל ברויט, פלייש, מילך באַקומען מיר נאָך אַלץ אין די קליינינקע פּויערשעווירטשאַפטן, אין די קליינינקע טוווע־וואַרשטאַטן.

דאָרט אויף די פאַבריקן איז דאָ בײַ אונדז פּינקטלעכע, געשיקטע מאַשינעס מיט צענדליקער מעטאַלענע הענט.

דאָ, אין די קליינינקע ווירטשאַפטן, ווערט איר זעלטן וועגן באַגעגענען מאַשינעס.

דאָ איז נאָך אַלץ האַנט־אַרבעט, ווי טויזנט יאָר צוריק, האַנט־אינסטרומענטן — אַ סערפּ, אַ קאָסע, אַ דרעש־שטעקן, אַ לאָפּעטע.

אויף די פאַבריקן — איז דער פּלאַן אַ דײַטלעכער, אַ פּינקטלעכער, אַן אויסגערעכנטער. און דאָ גייט די אַרבעט ניט לויט קיין פּלאַן, נאָר לויט דער געוויינשאַפט, ווי די זיידעס האָבן געאַרבעט.

דאָרט, אויף דער פאַבריק, ווייסן די אַרבעטער: כדי צו באַקומען אַזויפיל און אַזויפיל טאָן סכוירע, דאַרף מען האָבן

אזויפיל און אזויפיל רויוואַרג, אזויפיל און אזויפיל הייצונג, אזויפיל און אזויפיל שאָ אַרבעט.

און אַ פויער בעשאַס ער אַרבעט — ווייסט ער דען, וואָס וועט פון זײַן אַרבעט אַרויסקומען, וואָס פאַר אַ גערעטעניש וועט זײַן, צי וועט קלעקן ברויט ביז איבעראַיאָר?

אַ פויער לעבט אין אייביקער שרעק, בײַ אים איז נישטאָ יענע זיכערקײַט, וועלכע איז דאָ בײַם אַרבעטער. אַ טריקעניש קען פאַרברענען דעם פאַרזיי. פון אַ רעגן קען פאַרפוילט ווערן דאָס היי.

עפּעס אַ וועלכן ניט איז פליגעלע אַ שעדלעכס קען פאַרניכטן דאָס גאַנצע גערעטעניש.

ניין, דאָס טויגן ניט. מע דאַרף אַנדערש אָוועקשטעלן די אַרבעט פון די מענטשן, וואָס באַקומען אַרויס ברויט.

וואָלטן מיר דען געקענט פאַרלײַדן, ווען מע זאָל בײַ אונדז אַרויסבאַקומען אײַזן ניט אַף קיין גרויסע זאַוואָדן, נאָר אין מיליאָנען דאָרפישע קוזניעס?

ווען מיר זאָלן קיינמאָל ניט וויסן, צי וועט זײַן בײַ אונדז אײַזן צי ס'וועט ניט זײַן, צי וועט אונדז קלעקן אײַזן צי סע וועט ניט קלעקן?

אָבער וויאַזוי־זשע מאַכט מען עס איבער דידאָזיקע אַלע קליינינקע פויערשע וואַרשטאַטן אין גרויסע לאַנדווירטשאַפט־לעכע פאַבריקן?

וויאַזוי שטעלט מען אַוועק די אַרבעט, אַז מע זאָל פאַרשפּאָרן מוירע האָבן פאַר אַן אומגערעטעניש, מע זאָל ניט דאַרפן מוירע האָבן ניט פאַר קיין טריקעניש, ניט פאַר קיין רעגן, ניט פאַר קיין שעדלעכע פליגעלעך?

און עפּשער קען מען עס גאָר ניט מאַכן?

אנ אלט דאר
מיט א הילצערנער
פיקער באָראָנע ד
דאָס פאסעקל כ
הונגער, נויט.



## 2. פאבריקנ אָנ ווענט אונ אָנ דעכער

אפ א וועלכנ ניט איז מעטאלורגישנ זאוואָד אָדער אפ א כעמישער פאבריק איז די אופגאבע א קלאָרע: ס׳איז דאָ א מאשינ, ס׳איז דאָ רויווארג, אונ מע דארפ פונ דעמדאָזיקנ רויווארג מאכנ שטאָל, טשוהונ, זייפ, סאָדע, סופערפאָספאט.

מע דארפ האָבנ וואסער — עפנט דער ארבעטער דעמ קראנט, אונ די וואסער גייט וווהינ מע דארפ. מע דארפ האָבנ שײַנ — א דריי געטונ דעמ אויסשליסער: פאראנ שײַנ. מע דארפ האָבנ עלעקטרישע ענערגיע — אײַנגעשלאָסנ דעמ שטראָמ: פאראנ ענערגיע. די סאמע גרעסטע קעלט — פונ 200° נידעריקער פונ נול, די סאמע שטארקסטע היצ — פונ 1000°, 2000° העכער פונ נול, א דריקונג פונ טויזנט אטמאָספער, — דאָס אלצ איז אינ פולנ רעשוס פונעמ ארבעטער אפ דער פאבריק.

אונ אינ דער פויערשער ווירטשאפט?

דאָ דערלאנגט וואסער ניט קיינ וואסערדרוק־באק, נאָר א וואָלקנ, וואָס הענגט אינ הימל. שײַנ אונ ענערגיע שיקט ניט

קיין עלעקטרישע סטאנציע, נאָר די זון. אָבער קענ מענ דענ דער זון זאָגנ א דייע, זי זאָל שײַנענ צי ניט שײַנענ? מע קענ דענ באפוילנ דעמ רעגנ ער זאָל אופהערנ? ניינ, מע קענ ניט.

הייסט עס, דער מענטש איז אומבאהאָלפנ קעגנ דער נאטור? ניינ, דער קאמפ מיט דער נאטור איז מעגלעכ דאָ אויכ.

מע קאָנ ניט פארלעשנ די זונ אונ איבעררײַסנ א טריקעניש, מע קאָנ אָבער נעמענ צומ פארזייענ אזוינע סאָרטנ זוימענ, וואָס האָבנ ווייניקער מוירע פאר טריקעניש.

מע קענ ניט צווינגענ דעמ רעגנ ער זאָל גיינ, מע קענ אָבער אויסגראָבנ באוואסער־קאנאלנ אונ אוועקלאָזנ דורכ די־דאָזיקע קאנאלנ וואסער אינ די פעלדער.

מע קענ ניט אָפּשטעלנ א ווינט, מע קאָנ אָבער פארטיידיקנ די פעלדער פונעמ ווינט מיט א וואנט וועלדער.

מע קענ ניט אָפּשטעלנ קיינ שלאקס־רעגנ, מע קענ אָבער פארנעמענ דאָס היי אזוי גיכ, אז סע זאָל ניט אָנהייבנ פוילנ.

מע קענ ניט אופציַענ קיינ ברויט אפ ניט קיינ פרוכטבארער ערד, מע קענ אָבער דידאָזיקע ערד מיט מינעראלער באגיטיקונג פארוואנדלענ אינ א פרוכטבארער.

מע קענ צווינגענ די נאטור, זי זאָל פאָלגנ. מע קענ דאָ אויכ אזוי אוועקשטעלנ די ארבעט, ס׳זאָלנ ניט זײַנ קיינשומ



מיט א טראקטער מענ עס צענ מאָל גר אונ בעסער.



דיסקעווע זייעלקעס. זיי מאכן ריוועשעקלעך אין
דער ערד. די קערנער שיטן זיך דורך טרייבלעך
אין די ריוועשעקלעך אריין. די קייטעלעך פאר-
גלייכן און פארשיטן זיי מיט ערד.

צופעליקייטן, אז אלצדינג זאָל זיין אויסגערעכנט, אָפּגעוואויגן, אזויווי אפ א וועלכער ניט איז כעמישער פאבריק.

עמעס, דאָ איז שווערער. א טוווע־פאבריק — דאָס איז א פאבריק אונטערן פרייען הימל, אָן ווענט און אָן דעכער. אירע ווארשטאטן זיינען די פעלדער. די סאמע גרעסטע כעמישע פאבריק וועט איר דורכגיין פאר צוויי — דריי שאָ. און א גרויסע טוווע־פאבריק, אויב זי פארנעמט א 100 — 150 טויזנט העקטאר, וועסטו ניט דורכגיין פאר עטלעכע טעג אויך.

און איבער דעמדאָזיקן ריזיקן שעטעך דארף מען איבערוקן אי מענטשן, אי מאשינעס, אי זוימען, אי באגיטיקונג, אי הייצונג, אי דעם פארטיקן פראָדוקט — טוווע און שטרוי.

און אָט דאָס־אָ איז טאקע סאמע דאָס שווערסטע.

## 3. כעשבוינעס פונ א פּראָפעסער, וואָס קענ ניט כעשבענענ

איינער א פּראָפעסער האָט אפּילע א טאבעלע צונויפגעשטעלט, קעדיי צו ווייַזנ, ס'ארא סאכ צייַט די ארבעטער וועט אויס־קומענ צו פּאטערנ אפּ גיינ. דער פּראָפעסער רעכנט, אז יעדער ארבעטער וועט דארפנ גיינ פאר א טאָג אהינ אונ צוריק זעקס מאָל. אינדערפרי, פונעמ הויפּט־הויפ צומ ערד־כיילעק, ווו סע גייט די ארבעט — איינ מאָל. צוריק אינעמ הויפ — אָנבייַסנ — דאָס צווייטע מאָל. נאָכנ אָנבייַסנ — אפנ ערד־כיילעק — דאָס דריטע מאָל. פונעמ ערד־כיילעק צומ הויפ — נעכטיקנ — דאָס פערטע

עג-קיכ אינ פעלד אינעמ ראַטווירט „גיגאנט“



מאָל. און צו דערצו, רעכנט דער פּראָפעסער, קען גיין א רעגן, לאָמיר רעכענען, איין רעגן א טאָג. דער ארבעטער דארף זיך באהאלטן פונעם רעגן, — אָט האָסטו דיר שוין דעם פינפטן שפּאציר צום הויף. און נאָכן רעגן דארף מען צוריקגיין אפן דער ארבעט, — אָט איז אייך דער זעקסטער שפּאציר.

אויב דער הויף איז נאָענט צום ערד־ביילעך, איז עס ניט שרעקלעך.

און אויב דער הויף איז ווייט — פינף־זעקס קילאָמעטער? דע־מאָלט וועט אפן גאנג אוועקגיין באם ארבעטער זיבן שאָ א טאָג. און פאר ארבעט וועט איבערבלייבן בלויז איין שאָ.

אויב ביזן ערד־ביילעך וועט זיין ניט קיין זעקס, נאָר זיבן קילאָמעטער, וועט דער גאנצער ארבעט־טאָג באם ארבעטער אוועק אפן גיין.

ניין, דאָס קען מען אויך ניט טון. א קאטאָוועס אביסל — פינף אָדער זעקס טויזנט מאן קאטייען איבער דער פאבריק זעקס מאָל א טאָג! דאָס וועט קאָסטן זייער טייער.

שוין־זשע איז דער פּראָפעסער גערעכט? שוין־זשע איז א גרויסע טוווע־פאבריק — אן אומעגלעכע זאך?

ניין, דער פּראָפעסער האָט א טאָעס געהאט. גרויסע טוווע־פאבריקן זיינען שוין בא אונדז פאראן, און די ארבעט גייט דאָרטן. פונעם 1928 יאָר האָט אָנגעהויבן ארבעטן א ריזיקע טוווע־פאבריק—א ראטווירט „גיגאנט". איר ווייסט, וואָס פאר א שטעטל ער פארנעמט? דריי און זיבעציק קילאָמעטער פון צאָפן אפן דאָרעם, פערציק קילאָמעטער פון מיירעוו אפן מיזרעך.

אָבער אויב דער מעהאלעך וועט זיין גרעסער, ווי זיבן קילאָ־מעטער, וועט דער ארבעטער קיינמאָל ניט דערגיין צום ערד־ביילעך. דער ערד־ביילעך וועט פאר אים זיין פונקט אזוי ניט־



א פאַלאַטקע אינעם ראַטווירט „גיגאַנט". צענדליקער לאַגערן מיט פּאַלאַטקעס פאַר די אַרבעטער זײַנען צעשטעלט אַף די פעלדער פונ „גיגאַנט"

דערגרײכלעכ, ווי דער צאָפנדיקער פּאָליוס אָדער דער באַרג־שפּיצ גאַוריזאַנקאַר [1]).

טאַקע אינדערעמעסנ, דער אַרבעטער וועט ניט באַווײַזנ אָפּ־צוגײנ האַלבּ וועג, ווי מע דאַרפ שוינ לויפנ צוריק — אָנבײַסנ. אָפּגעגעסנ אָנבײַסנ, אָפּגעלאָפנ האַלבּ וועג — פאַרקערעווע צוריק, סע מראַקעט א רעגנדל.

אונ דערפונ מאַכט דער פּראָפעסער אַנ אויספיר: קײנ גרוי־סע טוווּע־פאַבריקנ טאָר מענ ניט בויענ.

אָבער מע קענ דאָכ פירנ די אַרבעטער אינ וועלכע סיניט־איז מאַסע־וואָגנס אָדער אווטאָבוסנ.

וואָס-זשע, די אַרבעטער גײענ דאָרטנ צופוס?

ניינ.

אינ אווטאָבוסנ פאָרנ זײ?

ניינ. זײ וווינענ דאָרט, ווו זײ אַרבעטנ.

1) דער שפּיצ פונ די הימאַלײַער בערג, אינ צאָפנ-אינדיע, דער סאַמע העכס־טער באַרג אַפ דער ערד — 8.840 מעטער.

און דאָס איז דאָך אזוי פּאָשעט. מע דארף גאָרניט זײַן קיין פּראָפעסער, אז מע זאָל זיך צו דעם דערטראַכטן. יעדער שילער פון דער ערשטער שטופּע וועט אײַך זאָגן, אז די ארבעטער האָבן ניט וואָס צו לויפן אין הויף עסן אָנבײַסן, אז מע קען מיטנעמען מיט זיך א וועג־קיך און עסן אין פעלד. ניטאָ וואָס צו גיין אלע אפּדערנאַכט אין הויף אַרײַן נעכטיקן. נעכטיקן קען מען אין א פּאַלאַטקע. און טאָמער וועט מראָקען א רעגן? וואָס זאָגסטו אפן אומגליק דעם גרויסן? שוין־זשע דארף מען פונעם רעגן אנטלויפן אין הויף, עטלעכע קילאָמעטער? אין א פּאַלאַטקע קען מען זיך באַהאַלטן. ווינען דאָך רויטאַרמײַער א גאַנצן זומער אין פּאַלאַטקעס. מע קען מאַכן אזוי, אז די מענטשן זאָלן פאַרשפּאָרן ארומלויפן א גאַנצן טאָג.

## 4. א פאַבריק אף רעדער

און ווי־אזוי־זשע איז מיט די מאַשינעס? אף אלע פאַבריקן שטייען די מאַשינעס פעסט אף אן אָרט, צוגעשרויפט צום דיל, צום פונדאַמענט. אף א טוווע־פאַבריק וועלן די מאַשינעס ניט שטיין, מע וועט זיי דארפן איבערפירן פון איין אָרט אפן צווייטן.



מע מעלײיצעט טוווע אין ראַטווירט „גיגאַנט“



קאָמבײַנ. א מאשינ, וואָס שנײַדט אונ מעלײצעט, ווײעט אונ סאָרטירט.
פארטיקע קערנער שיטנ זיכ דורכ די טרײַבלעכ גלײַכ אינ די זעק ארײַנ.

וויאזוי מאכט מענ דאָס?

אוועקשטעלנ די מאשינעס אפ רעדער.

א לאנדווירטשאפטלעכע מאשינ קענ מענ דאָכ באלד אונ־טערשיידנ פונ א וועלכער ס׳ביט איז פאבריק־מאשינ. בא א פאבריק־מאשינ איז קיינ רעדער ניטאָ, א לאנדווירטשאפטלעכע מאשינ איז אפ רעדער. אונ די גאנצע טוווע־פאבריק קענ מענ אוועקשטעלנ אפ רעדער.

פאָרט זיכ דורכ אפנ „גיגאנט“. דאָרט וועט איר זענ ארבע־טער־שטיבלעכ אפ רעדער, ווערסטעטנ אפ רעדער, רעזערוווארנ אפ רעדער, א פאָטשט־אָפטיילונג, א רעדאקציע אפ רעדער.

אונ דער באוועגער אפ דער טוווע־פאבריק דארפ אויכ זײַנ אפ רעדער. ער דארפ ניט נאָר ברענגענ אינ באוועגונג די מא־שינעס, נאָר אויכ איבערשלעפנ זיי פונ איינ אָרט אפ א צווייטנ.

אזא מינ באוועגער איז — א טראקטער.

אפֿן „גיגאַנט“ איז אַ גאַנצן זומער וואַנדערן אום די אַרבעטער און די מאַשינעס איבערן ראַטווירט. ווער וואָלט זיך צוריק מיט עטלעכע יאָר געווען געגלויבט, אַז ס'קען זײַן אַ וואַנדערנדיקע ערדאַרבעט, אַזויווי ס'איז נאָך פֿאַראַן ערגעץ־ווו אַ וואַנדערנדיקע פּיצוכט.

אָבער ווי־אַזוי־זשע שטעלט מען אײַן אַ פֿאַרבינדונג? אויף אַ פֿאַבריק מוז דאָך זײַן צווישן אַלע אַרבעטער אַ פֿאַרבינדונג. דער מײַסטער מוז וויסן, וואָס טוט יעדער אַרבעטער זײַנער, און דער דירעקטער מוז וויסן, וואָס טוט יעדער וואַרשטאַט פֿונעם זאַוואָד.

און דאָ, אויף דער טוווע־פֿאַבריק, איז פֿון איין מאַכנע ביז צו דער צווייטער צענדליקער קילאָמעטער, דורך אַ שפּאַקטיוו וועסטו ניט זען. אָבער אויך דאָ קען מען אײַנשטעלן אַ פֿאַרבינדונג — דורכן טעלעפֿאָן. אויפֿן „גיגאַנט“ זײַנען איבערן גאַנצן שעטעך אָנגעצויגן דראָטן פֿון אַ פֿעלד־טעלעפֿאָן, און יעדער בריגאַדע קען אין יעדער מאָמענט זיך דורכשמועסן מיטן צענטראַלן הויף — מיטן הויפּט־שטאַב פֿונעם ראַטווירט.

## 5. איין מענטש פֿאַרבײַט הונדערט

אָבער צו אַ גרויסער פֿאַבריק דאַרף מען האָבן גרויסע מאַשינעס. צי זײַנען דאָ אַזוינע מאַשינעס? פֿאַראַן. אַוועק יענע יאָרן, ווען אַ סערפּ און אַ קאָסע זײַנען געווען די אײנציקע שנײַד־געצײַג. אַצינד זײַנען דאָ אַזוינע מאַשינעס, וואָס יעדערע פֿון זיי פֿאַרבײַט הונדערטער סערפּן און קאָסעס. דער הײַנטיקער שניטער — דאָס איז אַ מאַשיניסט אין ספּעצ־האַלבאָשע, אין שוץ־ברילן, מיט הענט ברוינע פֿון מאַשין־אייל. ער שטייט אויפֿן

בריקעלע פון זײַן מאשין — פונעם קאָמבײַן, הויך איבער דער ערד. אין די הענט האלט ער א פײַפּעלע. מיטן פײַפעלע גיט ער באפעלן דעם שאָפער.

גייט דער קאָמבײַן איבערן פעלד.

דרייט זיך א ריזיקער פליגל, בייגט צו די זאנגען צו די מעסערס. געשווינד באוועגן זיך די מעסערס אהין און צוריק, שנײַדן אָפּ די זאנגען. און די אָפּגעשניטענע זאנגען לויפן אליין אין דער מאשין ארײַן. און דאָרט אינעווייניק — א דרעש־מא־שין און א ווייעלקע. מיט דער מינוט זײַנען די קערנער אוי־ס־געקלאפּט פונעם זאנג, אויסגעמעלייצעט, דורכגעווייעט, אוועק־געשיקט דורך א טרויב אין באק ארײַן, וואָס הוידעט זיך איבערן מאשיניסטס קאָפּ.

די מאשין טוט דרײַ ארבעטן מיטאמאָל: שנײַדט, מעליי־צעט און ווייעט.

לויפן אום די קאָמבײַנען איבערן פעלד — אזויווי אן עסקאדרע גייט אין א אלאכסנדיקער ליניע! דער ערשטער — פונפאָרנט, דער צווייטער — פונהינטן, און לינקער, דער דריטער — נאָך ווײַטער און נאָך לינקער, זיי זאָלן ניט שטערן איינס ס׳אנדערע. יעדערער שערט א פאס פון פינף מעטער די ברייט. פאָרויס — אן אומענדלעכער ווייצענער יאם אף צענדליקער קילאָמעטער. מע וואָלט באדארפט האָבן טויזנטער מענטשן, מע זאָל דאָס אלץ אָפּשנײַדן מיט א קאָסע, צונויפבינדן אין גארבן, אויסמע־לייצען מיט דרעש־שטעקנס, דורכווייען מיט א לאָפּעטע. און דאָ טוען דאָס אָפּ עטלעכע מאשיניסטן אין בלאָוער ספעצ־האל־באָשע. יעדער מענטש אף א קאָמבײַן — דאָס איז הונדערט מענטשן אָן א קאָמבײַן, נאָר מיט האנט-געצײַג. און די ארבעט איז בא דעמדאָזיקן מענטשן, פארשטייט זיך, אסאך גרינגער.

„פאר א טאָג פאָכעסטו זיך אזוי אָנ מיט דער קאָסע,—זאָגנ די שניטערס,—אז אפילע באנאכט האָסטו ניט קיינ רו. דו שלאָפסט, אונ די הענט רײַסנ זיך אזוי אינ די זײַטנ, גלײַך ווי דו שנײַדסט".

אונ דער קאָמבײַנער? ער דארפ ניט פאָכענ מיט קיינ קאָסע. ער שטייט רויִק אפנ בריקל, גיט אכטונג, אונ די מאשינ שנײַדט אליינ.

## 6. א לעבעדיקער באוועגער צי אנ אײַזערנער

אפ א טווע־פאבריק איז דער באוועגער—א טראַקטער.

אונ וואָס פאר א באוועגער איז בא א פויער?

א פערד.

דאָס איז דער סאמע זשעדנער, דער גרעסטער פרעסער פונ אלע באוועגערס. א פערד עסט אופ האלב דערפונ, וואָס דער פויער באקומט אינ זײַנ ווירטשאפט. אינ דער סטעפישער אוקראַינע גיט א פויער אויס אפ אויסצוהאלטנ א פערד 300 רובל א יאָר—פונקט אזויפיל, וויפל אפ אויסצוהאלטנ די גאנצע פאמיליע זײַנע.

א פערד—דאָס איז א באוועגער א פרעסער, אונ אינ דער־זעלבער צײַט איז עס זייער א שוואכער באוועגער. איינ טראַקטער קענ פארבײַטנ צוואנציק פערד אונ מערער. מיט א פערד קענ מענ ניט אזוי טיפ צעאקערנ די ערד, אזויווי מיט א טראקטער.

אונ אפילע דערדאָזיקער שוואכער באוועגער איז פאר א פוי־ערשער ווירטשאפט צו שטארק. א פערד ארבעט דאָך בא א פויער ווייניקער, איידער סע וואָלט געקענט ארבעטנ. וויפל טעג שטייט עס אינגאנצנ אָנ ארבעט! ארבעטנ ארבעט עס סאכאקל א טאָג



א טראקטער־קאָלאָנע
ארויס אפ דער או

הונדערט אין יאָר. און האָדעוועט עס דאַרף מען אַלציינס. דאָס איז ניט קיין טראַקטער, וועלכער ברענגט אויס קעראָסין בלויז דעמאָלט ווען ער אַרבעט. אָבער אַפילו דעמאָלט, ווען דאָס פערד אַרבעט שוין יאָ, אַרבעט עס אויך צו ווייניק. סע קלעקט פאַר דעם ניט אין דער פויערשער ווירטשאַפט קיין אַרבעט. און פאַרוואָס? דערפאַר וואָס באַם פויער איז די ווירטשאַפט צו אַ קליינע. פאַר אַ פויער אַן אָרעמאַן איז אַ האַלב פערד אויך גענוג, ער זאָל באַאַרבעטן זיין פיצל פעלד, וואָס געהער צו אים. זיין פערד וואָלט געקענט אַרבעטן אַסאַך מער, ווען ער זאָל האָבן מערער ערד און ווען ס׳זאָלן זיין באַ אים פערד־מאַשינעס: פערד־גראַבליעס, אַ זיימאַשין, אַ שניידמאַשין, אַ דרעשמאַשין. ער וואָלט געקענט אַרופלייגן אַף דעם פערד ס׳זאָל טון דאָס, וואָס ער טוט איצטער אַליין: זייען, שניידן, מעלייצען. נאָר דאָס איז דאָך טאַקע דער אומגליק, וואָס ניט יעדער פויער האָט מאַשינעס.

דער איינציקער אויסוועג איז — זיך פאַראייניקן, מאַכן אַן אַרטעל, מע זאָל די ערד באַאַרבעטן געמיינזאַם, און אַז אַלע פערד, אַלע מאַשינעס זאָלן זיין אַ געמיינע. דעמאָלט קען מען האַלטן ווייניקער פערד, דערפאַר אָבער קען מען יעדער פערד געבן מער אַרבעט. אַן אַרטעל קען אויפטון אַסאַך: אי מאַשינעס קויפן, אי מינעראַלע באַגיטיקונג. אַ גרויסער אַרטעל קען זיך אַפילו איינגאַנצן אָפּזאָגן פון פערד, פאַרבייטן די פערד מיט טראַקטערס. נאָר אַפילו אַז דער אַרטעל האָט ניט קיין טראַקטערס, איז ער אויך שטאַרקער פונעם אינדיווידואַליסט, ווייל ער נוצט אויס קאָלעקטיוו אַלע פערד און דעם גאַנצן רעמאַנענט.

פון וואָסער אַ זייט מיר זאָלן ניט צוגיין, איז קלאָר: מע דאַרף האָבן אַן איבערבויונג. און דידאָזיקע איבערבויונג גייט

שוין: זי האָט ארומגעכאַפּט העכער העלפט פון אלע פּויערישע ווירטשאַפטן, און אין עטלעכע יאָר ארום וועט אַנשטאָט מיליאָנען אָרעמע פּויערשע ווירטשאַפטן זיַין בא אונדז אייך מעכטיקער פאַרבאַנד פון קאָלווירטן און טוווע־פאַבריקן.

## 7. מ. ט. ס.

מ. ט. ס. — מאַשין־טראַקטער־סטאַנציעס. זיי ווערן געשאַפן צוליב דעם, כּדי צו העלפן דעם דאָרף איבערצוגיין פון האַנט־ארבעט צו מאַשין־ארבעט, פון יעכידישע ווירטשאַפטן צו א געזעלשאַפטלעכער.

די ערשטע מ. ט. ס. איז געשאַפן געוואָרן אין 1928 יאָר אינעם ראַטווירט אַפ שעווטשענקעס נאָמען. די מ. ט. ס. האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט זעקס און צוואַנציק דערפער. דער אָפּמאַך איז געווען אזא: די פויערים פאַרייניקן אלע זייערע פעלדער און שאַפן אָפּ אלע מעזשעס, און די סטאַנציע גיט די פויערים א טראַקטער־מאַכנע מיט אלע מאַשינעס און שיקט זיי צו הילף אירע אַגראָנאָמען און מעכאַניקער.

מ׳האָט אָפּגעארבעט א יאָר, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די הויצאָעס אַפ באַארבעטן די ערד האָבן זיך פאַרקלענערט פון 20 ר. אַפ א העקטאַר ביז 14 ר. און די האַכנאָסע האָט זיך פאַרגרעסערט פון 52 ר. אַפ א העקטאַר ביז 83 ר. פאַרשטייט זיך, אז די פויערים האָבן ניט קיין כאַראָטע, וואָס זיי זיַינען אריַינגעטראָטן אין א פאַרבינדונג מיט דער מ. ט. ס. איצטער איז שוין אזעלכע מ. ט. ס. פאַראַנען אַסאַך. הונדערטער דערפער גייען צו געזעלשאַפטלעכער און מאַשיניזירטער ערדאַרבעט אַפן בוקסיר בא דער מ. ט. ס.

## 8. מאשינעס, וואָס וועלנ אונדז העלפּנ באַקומענ מילכ אונ פּוטער

כוץ ברויט דאַרפנ מיר נאָכ האָבנ מילכ, פלייש, פּוטער אונ אַסאַכ אַנדערע זאַכנ. קעדיי צו באַקומענ מערער ברויט, אָרגאַניזירנ מיר טוווע־פאַבריקנ מיט קאָמבײַנענ, זייעלקעס אונ טראַקטערס.

אונ וויאַזוי קאָנ מענ אויסבויענ אַ פאַבריק פונ מילכ אָדער פלייש? ס'איז דענ דאָ אַזוינע מאַשינעס, וואָס העלפנ־מיט באַקומענ פלייש, אויסהאָדעווענ פי?

ס'איז דאָ. אונ ניט איינע, נאָר אַסאַכ. טאַקע דערזעלבער טראַקטער וועט אונדז העלפנ באַקומענ פלייש.

וויאַזוי־זשע?

אָט אַזוי. אַפּ אַ גרויסער פלייש־פאַבריק וועלנ מיר האָבנ ניט איינ אָקס אונ ניט איינ בעהיימע, נאָר אַסאַכ. פאַר זיי וועלנ מיר דאַרפנ האָבנ פיטער. דעמדאָזיקנ פיטער וועט מענ דאַרפנ ברענגענ צו פירנ. וויאַזוי־זשע וועט מענ עס ברענגענ צו פירנ? מיט פערד?

ניינ, מיט פערד לוינט ניט. מע וועט דאָכ דאָ דאַרפנ האָבנ טויזנטער וואָגנס. סע לוינט בעסער צו פירנ מיט טראַקטערס.



מע מעלקט די בעהיימעס מיט עלעקטרישע מעלק־אַפּאַראַטנ. איינ מענטש קענ אויסמעלקנ פאַר־אַמאָל עטלעכע בעהיימעס.



א קינסטלעכע קוואָטשקע — אינקו־באַטער. אין פיל קאָלווירטן וואָ־רעמט מען אויס הינדעלעך מיט אַזאַ מין קינסטלעכער קוואָטשקע.

אָט אַזוי קומט אויס, אַז דער טראַקטער העלפט אונדז מיט באַקומען פלייש.

און אָט איז נאָך אַ בײַשפּיל. די בהמות וועלן מיר דאַרפן מעלקן. בהמות וועט זײַן אַסאַך, וועט מען, הייסט עס, דאַרפן האָבן אַ גאַנצע אַרמיי מעלקערנס. אָבער אויך דאָ קאָן מען זיך באַגיין אָן האַנט־אַרבעט. ס'איז פאַראַנען עלעקטרישע מעלק־אַפּאַראַטן. איין אַפּאַראַט מעלקט מיטאַמאָל עטלעכע בהמות.

מאַשינעס קאָנען טון צענדליקער זאַכן: פּאָמפּען וואַסער אין די עמערס, שנײַדן שטרוי, בראָקן בוריקעס און רעטעך פאַר פיטער, קרישען מאַקוך, אָפּקילן רויע מילך, זי זאָל ניט זויער ווערן, אַראָפּנעמען די סמעטענע, ש׳אָגן פּוטער, שערן שאָף, אויסזיצן הינדעלעך.

פאַר אַלצדינג האָט מען צוגעטראַכט מאַשינעס. הייסט עס, אַז מע קאָן אָרגאַניזירן ניט בלויז טוווּע־ראַטווירטן — פאַבריקן פון קערנער, נאָר אויך פאַבריקן פון פלייש, מילך, וואָל, אייער, פּוטער. מיר פאַרמאָגן שוין 140 פאַבריקן פון פלייש, 52 פאַבריקן פון מילך און פּוטער, 350 פאַבריקן פון כאַזער־פלייש. צום סאָף פינפיאָר וועט זײַן נאָך מערער. זיי וועלן אונדז געבן 3/4 מיליאָן טאָן פלייש, מיליאָנען טאָן אַנדערע פּראָדוקטן.

## 9. מירן איבערמאכן די מאפע פון פס"רר

די סאמע קאָסטבארע, די סאמע נייטיקסטע קוילן — דאָס איז ברויט.

און דידאָזיקע קוילן וועלן מיר האָבן גענוג, אויב מיר וועלן ריכטיק אוועקשטעלן די ארבעט. מיר קענען ניט פארגרעסערן די זאפאסן קוילן אָדער טאָרף, אָבער די זאפאסן ברויט קענען מירפארצווייפאכן, פארדרייפאכן, פארצענפאכן. מיר קענען באוואסערן די מידבאָריעס, אויסטריקענען די זומפן, צעאקערן די סטעפעס און צווינגען די זאמדן, זיי זאָלן געבן ברויט.

אין מיטל-אזיע, אין קאזאקסטאן, אין טראנסקאווקאז וועלן מיר צעפאסעווען די מידבאָריעס און סטעפעס מיט קאנאלן. מיר וועלן באשאפן הונדערטער אָאזיסן און פארזייען דאָרטן רייז און בוימוואָל. דער „הונגעריקער סטעפ" אין קאזאקסטאן וועט אופהערן זיין א הונגעריקער, אומפרוכטבארער סטעפ. מיר וועלן אים פארוואנדלען אין א בליענדיקן פלייץ.

אין ווייסרוסלאנד און אין אסאך אנדערע ערטער וועלן מיר אויסטריקענען די זומפן און פארוואנדלען זיי אין לאָנקעס.

אין צאָפן־קאווקאז, אין קאזאקסטאן וועלן מיר צעאקערן די סטעפעס און מירן צווינגען די ווילדע גראָזן אָפצוטרעטן פארן אָנגריף פון דער וווייץ.

מיר וועלן בייקומען די ריזיקע וויסטענישן אפ דאָרעמ און אפ מיזרעך פון אונדזער לאנד און פארוואנדלען זיי אין פיטער־פעלד און אין אקער־פעלד. 15 מיליאָן העקטאר — אָט וויפל ערד מיר דארפן באהערשן פארן פינפיאָר.

15 מיליאָן הא — דאָס איז דאָך אלציינס, וואָס דריי עסטאָניעס, צוויי מיט א האלבן לאטוויעס.

בא אונדז זײַנענ דאָ ערטער, ווו וואלד וואקסט אפֿ שווארצ־ ערד, אפֿ אזא באָדנ, וואָס וואָלט אונדז געגעבֿנ די גרעסטע גערעטעניש, ווענ מיר זאָלנ אימ פֿארזייענ.

דידאָזיקע וועלדער, וועלכע שטערנ אונדז, וועלנ מיר אויס־ האקנ. אָבֿער דערפֿאר וועלנ מיר פֿארפֿלאנצנ וועלדער דאָרט, ווו זיי זײַנענ נייטיק — אפֿ זאמדנ.

מיר וועלנ פֿארפֿעסטיקנ מיט וועלדער די זאמדנ אונ טיפֿ־ טאָלנ. מיט א וואנט פֿונ וואלד וועלנ מיר באשיצנ די אײַזנבאנ־ ליניעס פֿונ שניי־אָנשיטנ. מיר וועלנ מיט וועלדער באשיצנ די פֿעלדער פֿונעמ הייסנ ווינט — דעמ „סוכאָוויי"[1].

## 10. א גרויסע אופֿגאבֿע

שאפֿנ אָאזיסנ אינ מידבֿאָריעס, אריבֿערטראָגנ וועלדער פֿונ איינ אָרט אפֿנ צווייטנ, פֿארוואנדלענ זומפֿנ אינ לאָנקעס — אָט וואָס פֿאר א גרויסע פֿארגעבֿונגענ סע פֿארגיט אונדז דער פֿינפֿיאָריקער פּלאנ.

אָבֿער נאָכ שווערער, נאָכ גראנדיעזער איז א צווייטע אופֿ־ גאבֿע: איבֿערמאכנ דאָס לעבֿנ פֿונ מיליאָנענ מענטשנ, אויס־ רײַסנ מיטנ וואָרצל די אָרעמקײַט, פֿינצטערקײַט, קנעכטשאפֿט.

מיר דארפֿנ דאָכ האָבֿנ קאָלווירטנ אונ ראטווירטנ ניט נאָר צוליבֿ דעמ, ס׳זאָל זײַנ ברויט.

אויכ מאשינעס דארפֿנ מיר האָבֿנ ניט נאָר צוליבֿ דעמ, אז ס׳זאָל שנעלער אונ בעסער גיינ די ארבֿעט.

מיר ווייסנ דאָכ, אז א מאשינ קענ זײַנ דעמ מענטשנ אי א פֿרײַנט, אי א סוינע.

[1] סוכאָוויי — הייסע, טרוקענע ווינטנ, וואָס בלאָזנ אינ דאָרעמ אונ דאָרעמ־ מיזרעכ פֿונ פֿארבאנד אונ פֿארניכטנ די געוויקסנ.

דערזעלבער קאָמפּאַניִע, דערזעלבער טראַקטער, וואָס בײַ אונדז לײזט ער אױס די פּויערים פֿון אָרעמקײַט און שווערער מי, האָט אין אַמעריקע אומגליקלעך געמאַכט מיליאָנען מענטשן.

אַלעמאָל, ווען סע ווערט דאָרט דערפֿונדן אַ נײַע מאַשין, איז עס אַן אומגליק פֿאַר אַסאַך אַרבעטער.

אין אַמעריקע גיסן זיך אויך צונויף קלײנע פֿערמעס אין גרויסע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פֿאַבריקן. אָבער וויאַזוי קומט עס דאָרטן פֿאָר? מ'האָט דערפֿונדן אַ מאַשין. דער קלײנער פֿערמער מוז זי קויפֿן, אַניט וועט מען אים דערשטיקן. אָבער קײן אײגן געלט אױף צו קויפֿן האָט ער ניט, פֿאַרבאָרגט ער זיך אין כויווער, און סאָפֿקאָלסאָף פֿאַלט די פֿערמע אַרײַן אין די הענט פֿון עפּעס אַ קאַפּיטאַליסט — אַ באַנקיר אָדער אַ קרעמער, און דער פֿערמער ווערט אַן אַרבעטער אױף דערזעלבער פֿערמע, וואָס האָט אַמאָל געהערט זײַן פֿאָטער און זײדן. נאָר אָט האָט מען דערפֿונדן אַ נײַע מאַשין, אַ בעסערע ווי די פֿריערדיקע. האַלב אַרבעטער ווערן אָפּגעזאָגט. און סע טרעפֿט גאַנץ אָפֿט, אַז אַ מענטש, וואָס איז אױף דער פֿערמע געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, דאַרף אַוועקגײן אין דער וועלט אַרײַן. די מאַשין האָט אַרויסגעוואָרפֿן דעם מענטשן פֿון זײַן אײגן הויז, האָט צוגענומען בײַ אים און בײַ זײַן פֿאַמיליע אי דאָס ברויט, אי די וווינונג.

אײנער אַן אַמעריקאַנער שרײַבער זאָגט:

„פֿון זינט ס'זײַנען דערפֿונדן געוואָרן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינעס האָט זיך געבילדעט אַ גאַנצע אַרמײ וואַנדערנדיקע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטער. זײ גײען אָפּטמאָל אױף גרויסע מעהאַלעכס, אַבי נאָר צו געפֿינען אַרבעט אין דער צײַט פֿון שניט. אַזוי ווי זײ האָבן ניט קײן געלט, פֿאָרן זײ ביגנײווע, אָן

א בילעט אינ פראכט־צוגנ, אָדער זיי גייענ צופוס. דאָס זײַנעג ביז גאָר געפאלענע מענטשנ".

אָט וואָס סע טוט די מאשינ אינ אמעריקע. א פרײַענ מענטשנ פארוואנדלט זי אינ א קנעכט, אינ א באטראַק.

דאָס טאָר ניט זײַנ. מע דארפ אזוי אײַנאָרדענענ דאָס לעבנ, אז די מענטשנ זאָלנ זיכ פרייענ מיט יעדער נײַער מאשינ, אזויווי מיט א נײַעמ פרײַנט. אָבער צוליב דעמ איז נייטיק, אז די מאשינעס זאָלנ געהערנ דער גאנצער געזעלשאפט, אונ ניט קיינ איינצעלנע פערזאָנענ. מע דארפ אויסבויענ א סאָציאַליסטי־שע געזעלשאפט.

דאָס איז זייער ניט קיינ גרינגע אופגאבע, אונ אָט פארוואָס זי איז ניט קיינ גרינגע. אינ די שטעט איז אונדז גרינגער צו בויענ דעמ סאָציאַליזמ, אינ די שטעט איז דער באלעבאָס פונ אלע מאשינעס, פונ אלע פאבריקנ — די מעלוכע. דערדאָזיקער באלעבאָס קענ פירנ די ארבעט אזוי, ווי ס'איז נייטיק אונ נוצ־לעכ פאר דער גאנצער געזעלשאפט, פארנ גאנצנ לאנד. אונ אינ דאָרפ איז באלעבאטימ פאראנ אסאכ. יעדער פויער איז א באלעבאָס איבער זײַנע מאכשירימ, איבער זײַנ פערד, איבער זײַנ בעהיימע. יעדער באלעבאָס ארבעט אפ זײַנ שטייגער, אונ ארבעט שלעכט, דערפאר וואָס ער קענ טאקע ניט ארבעטנ גוט אינ זײַנ פיצעלע ווירטשאפט, אינ זײַנ קליינינקנ קוסטאר־וואר־שטאט. איבער דעמ לײַדט דאָס לאנד פונעמ מאנגל אי אינ פראָדוקטנ, אי אינ רויווארג פאר די פאבריקנ.

אָבער דאָס איז נאָכ ניט אינגאנצנ. אינ די שטעט האָבנ בא אונדז די ארבעטער אײַנגעבראָכנ דעמ ווידערשטאנד פונ די פאבריקאנטנ, די פאבריקנ אונ זאוואָדנ געהערנ דער מעלוכע. אונ אינ דאָרפ איז נאָכ פארבליבנ פריוואט־אייגנטומ, דאָרט

זײַנענ נאָכ דאָ פריוואטע באלעבאטימ. די דאָרפישע קאפיטאליסטנ — די באלעגופימ — איז די סאָציִאליסטישע אָרדענונג, פארשטײט זיכ, ניט צומ הארצנ, זײ שלעפנ אפ צוריק, שטערנ די פויערימ זיכ צו פאררײַניקנ, צו בויענ א געזעלשאפטלעכע ווירטשאפט. אָט דאָס איז טאקע די הויפט־מעניִע אפנ וועג צו דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט.

בא דער סאָציִאליסטישער געזעלשאפט וועט קײנשומ קלאסנ ניט זײַנ. די רעוואָליוציע האָט פריִער פונ אלצ אָפגעראָמט פונ איר וועג די פאבריקאנטנ אונ פריצימ. איצטער שטעלט פאר זיכ די ראטנ־מעלוכע די אופגאבע צו אנטוואָפענענ דעמ צווייטנ קלאס, דעמ קלאס דאָרפישע קאפיטאליסטנ — די באלעגופימ.

---

# XI. א מילכאָמע מיט קילאָמעטערס

## 1. מאסע-טײַכן

פאר פינף יאָר וועלן מיר אויסבויען טויזנטער נײַע זאוואָדן. און יעדער זאוואָד וועט ארויסוואַרפן טויזנטער טאָן מאסאָעס. איבער די נעצן אײַזנבאן־ליניעס און וואסער־וועגן וועלן אוועקשטראָמען דידאָזיקע מאסאָעס, צעפליסנדיק זיך איבער אָפּ־צווײַגן, צעלויפנדיק זיך אין אלע זײַטן. איבערן גאנצן לאנד וועלן זיך צעלויפן מאסע-טײַכן, טײַכן פון קוילן, פון ברויט, פון אײַזן, פון בוימוואָל, פון מאשינעס.

וווהין און פונוואנען וועלן זיי לויפן? דאָס קענען מיר פאָרויסזען. דאָ איז דאָך אויך, ווי אין דער נאטור, פאראַן באשטימטע געזעצן.

וואסעריקע טײַכן פליסן צו די יאמען. מאסע־טײַכן פליסן צו די גרויסע שטעט, צו די פאבריק־צענטערס.

ווו איז בא אונדז מער פון אלץ זאוואָדן?

אין לענינגראַד און אין מאָסקווע.

און אָט אהערצו טאקע וועלן א פליס טון די צוויי סאמע גרעסטע מאסע־שטראָמען. אײנער — פון דאָרעם, מיטן מעריִדיאַן, פון דאָנבאס און פון אוקראַינע. דער צווייטער — פון מיזרעך, מיט דער געאָגראפישער ברייט, פון אוראַל און סיביר.

דער דריטער גרויסער מאסע־טײַך וועט א פליס טון פון דאָנבאס קיין מײַרעוו צו די קריוואָראָגער זאוואָדן, וועט פירן

אהינצו דאָנעצער קוילן. דער פערטער טײַך װעט טראָגן ברויט און געהילץ פֿון סיביר קיין טורקעסטאַן. דער פֿינפֿטער טײַך װעט פירן קוזנעצקער קוילן פֿון אלטײַ קיין אוראל.

הונדערטער טײַכן װעלן זיך צעגיסן איבערן גאַנצן לאַנד, װי װאַסער בעשאַס א געװיסער.

אָבער װאַסער בױט זיך אַלײן אויס א בעט, שלאָגט זיך אַלײן דורך א װעג. און קוילן און בוימװאָל, אײַזן און געהילץ װעלן זיך אַלײן קיין װעגן ניט אויסבויען. דאָס דאַרפֿן טון מיר. מיר דאַרפֿן צוגרייטן דאָס לאַנד צום גרויסן מאַסע־געװיסער: אין איין אָרט — אויסגראָבן א קאַנאַל, אין א צווייט אָרט — דורכפֿירן אַן אײַזנבאַן־ליניע, אין א דריטן — אויסבויען א האַפֿן, אין א פֿערטן — פֿאַרשטאַרקן, פֿאַרפֿעסטיקן די בריקן, די רעלסן און שפּאַלעס.

אויב מיר װעלן דאָס אַלץ ניט אָפּטון, װעט אַרונטערגעריסן װערן דער גאַנצער פֿינפֿיאָריקער פּלאַן. צום סאָף פֿינפֿיאָר װעט מען דאָך דאַרפֿן אַריבערפֿירן צוויי מיט א האַלבן מאָל אַזױפֿיל מאַסאָעס איידער איצטער. יעדער זאַװאָד, װאָס מיר בויען, איז ניט נאָר קיין זאַװאָד, נאָר אויך אַן אײַזנבאַן־סטאַנציע.

טוט א קוק אָפּ א פּלאַן פֿון א גרויסן זאַװאָד. איר װעט דערזען סעמאַפֿאָרן, װײַזערס, פּלאַטפֿאָרמעס, דעפּאָ, װאַסער־קראַנען, היטער־בײַדלעך. באַם סאַמע זאַװאָד צעצװײַגט זיך דער װעג אָפּ צענדליקער װעגן, קעדיי צוצוגיין צו יעדער געבײַדע, קעדיי צו ברענגען יעדער צעך רויװאַרג און הייצונג. א לאַגער פֿון קוילן אָדער א לאַגער פֿון טשוהון — דאָס איז אין דערזעלבער צײַט א װאָקזאַל אויך. מיט א טראַסקערײַ פֿליִען אַרײַן די צוגן אין דער סאַמע מיט געבײַדע. דער לאָקאָמאָטיװ־רויך הייבט זיך אויף צום גלעזערנעם דאַך, פֿאַרשטעלנדיק די

שײַנ. אומעטום אפנ זאוואָד — הודאָקנ פונ לאָקאָמאָטיוונ, שורעס רויטע וואגאָנעס. ווי‌אזוי קענ מענ דאָ אונטערשיידנ, ווו ענדיקט זיכ די אײַזנבאנ־ליניע אונ ווו הייבט זיכ אָנ דער זאוואָד?

שטעלט אָפּ די באוועגונג, וועט זיכ דער זאוואָד אויכ אָפּ־שטעלנ, וועט דער זאוואָד שטארבנ.

מיר דארפנ באצײַטנס צוגרייטנ וועגנ. אויב מיר וועלנ עס ניט טונ, וועלנ זיכ שאפנ שטאָפּערס, די מאסע־טײַכנ וועלנ איינער נאָכנ אנדערנ זיכ אָפּשטעלנ, זיכ צעגיסנ אינ שטייענדיקע אָזע־רעס אפּ די קנופּ־סטאנציעס, פארטרינקענ די לאגערס, די פלאט־פאָרמעס, די פאקהאוזנ. דאָס טאָר מענ ניט דערלאָזנ.

אָבער ווי‌אזוי מאכט מענ, אז די אײַזנבאנ־וועגנ זאָלנ קענ־נענ איבערפירנ צוויי מיט א האלבנ מאָל אזויפיל מאסאָעס, ווי איצטער? מע דארפ צווינגענ די צוגנ, זיי זאָלנ זיכ יאָגנ געשווינדער איבער די רעלסנ. מע דארפ מאקסימאל אָנלאָדנ יעדער לאָקאָמאָטיוו.

מע דארפ אזוי אָרגאניזירנ די ארבעט, אז קיינ איינ לאָקאָ־מאָטיוו, קיינ איינ וואגאָנ זאָל ניט שטיינ ליידיק. מענטשנ דארפנ רוענ, מאשינעס דארפנ ניט רוענ. רעמאָנט — דאָס איז אנ אנ־דער זאכ, אָבער דעם רעמאָנט קענ מענ אויכ פארגיכערנ, אז קיינ איינ לאָקאָמאָטיוו זאָל זיכ ניט פארהאלטנ קיינ איינ איבע־ריקנ טאָג אינ דעפּאָ אונ אינ די ווארשטאטנ.

אָבער דאָס איז נאָכ אויכ ווייניק. קעדיי זיכ צו ספּראווענ מיטנ איבערפירנ, וועלנ מיר דארפנ אויסבויענ טויזנטער קילאָ־מעטער נײַע וועגנ, מיר וועלנ דארפנ אויסבויענ טויזנטער נײַע וואגאָנעס אונ לאָקאָמאָטיוונ. די גאנצע נעצ אײַזנבאנ־ליניעס דארפ מענ באנײַענ אונ איבערמאכנ לויט איינ אלגעמיינעמ, פאָרויס אויסגערעכנטנ פּלאנ.

# 2. וואָס איז אזוינס אנ אײַזנבאנ־ליניע

איינ גרויסע פאבריק איז בעסער, ווי עטלעכע קליינע פאב־ ריקנ. אונ איינ גרויסע באנ־ליניע איז בעסער, ווי עטלעכע קליינע באנ־ליניעס.

וואָס איז דענ אזוינס א באנ־ליניע?

א באנ־ליניע — דאָס איז אויכ א פאבריק.

אפ דער פאבריק ארבעטנ מאשינעס, אונ אפ דער אײַזנבאנ ארבעטנ אויכ מאשינעס.

אפ דער פאבריק מאכנ מיר פונ אומנוצלעכע אָדער וואָל־ וועלע זאכנ נוצלעכע אונ טײַערע.

אונ אפ דער אײַזנבאנ מאכנ מיר אויכ פונ דעמ, וואָס טויג ניט, אזוינס, וואָס טויג יאָ. מיר נעמענ געהילצ ערגעצ אינ דער טײַגע, ווו סע האָט קימאט קיינשומ ווערט ניט, ווו סע פוילט אפנ וואָרצל, אונ פירנ עס איבער אינ שטאָט, ווו מע דארפ עס האָבנ פאר געבײַדע אונ הונדערטער פראָדוקציעס. א סאָסנע־ קלאָצ טיפ אינ וואלד אונ דיזעלבע סאָסנע־קלאָצ בא די טויערנ פונ א זעגמיל — דאָס איז גאָר ניט איינע אונ דיזעלבע זאכ.

אנ אײַזנבאנ איז א פאבריק. אונ וואָס דידאָזיקע פאבריק וועט זײַנ גרעסער, אלצ בעסער וועט זי ארבעטנ.

אפ אלע פאבריקנ סטארענ מיר זיכ אוועקשטעלנ די סאמע מעכאַניזירטסטע מאשינעס, די סאמע שטארקסטע באוועגערס, דער־ פאר וואָס א שטארקער באוועגער ברענגט אויס שפּאָרעוודיקער הייצונג אונ ארבעט בעסער.

דאָ איז אויכ דאָסזעלבע, דאָ דארפנ מיר אויכ האָבנ מעכ־ טיקע לאָקאָמאָטיוונ. מיר וועלנ מער ניט בויענ קיינ לאָקאָמאָטיוונ פארעלטערטע אונ פונ שוואכע סעריעס. מיר וועלנ בויענ

פראכט־לאָקאָמאָטיוון בלויז פונ דער נײַער מעכטיקער סעריע Є, מיט צענ פירנדיקע רעדער.

אפ דער פאבריק ווערט בא אונדז אלצ ווייניקער דאמפ־מאשינעס, אלצ מער עלעקטרישע באוועגערס. אונ אפ די אײַזנ־באנענ וועלנ מיר אויכ איבערגיינ אפ עלעקטרישע שלעפ־קראפט. אפ דער פערמער באנ־ליניע וועלנ מיר עלעקטריפיצירנ די לוניעווער קאָליע. אפ קאווקאז וועלנ די עלעקטראָפירערס דורכקלעטערנ דעמ סוראמער בארג־רוקנ.

פונ מאָסקווע אונ לענינגראד וועלנ אוועקגיינ איבער די בײַשטאָטישע ליניעס עלעקטרישע צוגנ.

סע לויפנ שוינ עלעקטרישע צוגנ פונ באקו אפ די סאבוטשי־נער אונ סוראכאנער געווערבנ, פונ מאָסקווע קיינ מיטישטשי.

סטאנציע פונ סאבוטשינסקער עלעקטרי־שער אײַזנבאנ. פונווײַטנ—נאפט־געווערבנ.



דערווײַל האָבן מיר נאָר 100 קילאָמעטער עלעקטרישע אײַזנבאַן־וועגן. נאָר אין 1933 יאָר וועלן מיר שוין האָבן עטלעכע עלעקטרישע ליניעס, וואָס די אַלגעמיינע לענג זייערע וועט זײַן 3400 קילאָמעטער. מיר וועלן האָבן 250 עלעקטראָפּירערס, 200 מאָטאָר־וואַגאָנעס. מיט דער צײַט וועלן מיר אַלע ליניעס מאַכן פאַר עלעקטרישע.

אַן עלעקטראָפּירער לויפט בעסער פון אַ דאַמפּער. אַ דאַמפּער באַקומט אַליין פאַר זיך ענערגיע. און אַ עלעקטראָ־פּירער באַקומט די ענערגיע אַ פאַרטיקע — פון דער עלעקטראָ־סטאַנציע. אַ דאַמפּער שלעפּט מיט זיך אין קוילן, אין אַ דאַמפּ־קעסל. און אַ עלעקטראָפּירער לויפט אָפּדערגרינג. ברענענדיק קוילן, באַקומען דאַמפּ — דאָס איז ניט זײַן דאגה, נאָר דער עלעקטראָסטאַנציעס. און דעריבער ברענגט אויס אַן עלעקטראָ־פּירער הייצונג צוויי מאָל ווייניקער איידער אַ לאָקאָמאָטיוו.

אַן עלעקטראָפּירער קען נעמען אַ גרעסערן צוג און אַנט־וויקלען אַ גרעסערע שנעלקייט. אין דער גאַנג איז בײַ אים אַ רויִקערער, אין די ליניע צעשאָקלט ער ווייניקער.

אָבער וויבאַלד אַזוי, פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר ניט איבערגיין אויף קיין עלעקטרישער שלעפּ־קראַפט אויף אַלע ליניעס?

דאָס איז ניט אַזוי פּאָשעט. צוליב דעם דאַרף מען דאָך דאָס גאַנצע לאַנד באַדעקן מיט אַ נעץ עלעקטרישע דראָטן, מאַכן דאָס גאַנצע לאַנד פאַר אַן עלעקטרישן. און דאָס וועט פאַר פינף יאָר ניט מאַכן. אָבער פון די ערשטע ניט־גרויסע פּרוּוון

אין יאָר 1927—28 האָבן מיר פאַרמאָגט 75,800 קלמ אײַזנבאַן־וועג. אין יאָר 1932—33 וועלן מיר פאַרגרעסערן די באַן־נעץ ביז 94.000 קלמ די לענג,

װעלן מיר איבערגײן צו גרױסע, און סע קען זײַן, אַז שױן אין קומענדיקן פֿינפֿיאָר װעט מען פֿירן קױלן פֿון דאָנבאַס קײן מאָסקװע אַף עלעקטרישע צוגן.

עלעקטרישע שלעפּ־קראַפֿט — דאָס איז נאָך ניט אַלץ; מע קען נאָך אַסאַך אַנדערע זאַכן אױפֿטון, אַז די צוגן זאָלן שנעלער לױפֿן איבער די רעלסן.

אַף די פֿאַבריקן האָבן מיר שױן מאַשינעס — אױטאָמאַטן, און אַף די אײַזנבאַן־ליניעס קענען אױך אָנשטאָט מענטשן אַרבעטן אױטאָמאַטן. מ׳האָט שױן דערפֿונדן אַן אױטאָמאַטישע צונױפֿשליסונג, אױטאָמאַטישע סיגנאַליזאַציע. מע האָט דערפֿונדן מאַשינעס פֿאַר מעכאַנישער אָנלאָדונג און אױסלאָדונג, מעכאַניש אונטערקלאַפּן שפּאַלעס, מעכאַניש דערלאַנגען קױלן אין לאָקאָמאָטיװ אַרײַן.

אַן אײַזנבאַן־ליניע איז אַ פֿאַבריק, און אַף דערדאָזיקער פֿאַבריק איז נאָך דאָ אַסאַך װאָס אױפֿצוטון, אַז זי זאָל אַרבעטן גוט, ניט ערגער פֿון אַנדערע פֿאַבריקן.

## 3. אַ ליניע — אַ גיגאַנט

בײַ אונדז זײַנען פֿאַראַן פֿאַבריקן — גיגאַנטן.

און ס׳װעלן זײַן בײַ אונדז אױך ליניעס — גיגאַנטן. מע דאַרף זײ בױען דאָרט, װוּ סע װעלן גײן די סאַמע גרעסטע מאַסע־שטראָמען.

דער סאַמע מעכטיקער מאַסע־שטראָם װעט גײן בײַ אונדז פֿון סיביר קײן מאָסקװע. דאָס איז זײער אַ װײַטער װעג. טאָג־אײַן, טאָג־אױס שװינדלט הינטער די פֿענצטער גלײַכער סטעפּ. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך װאַקסן אָן בערגלעך. אָט שפּאַרט די ערד

אַרויס אין דער הייך און אַט צעלייגט זי זיך אומבאַהאָלפן ביזן האָריזאָנט. די בערגלעך וואַקסן און ווערן פאַרוואַנדלט אין בערג. פינצטערע וועלדער פאַרשטעלן די שייַן. און אויף צווייטן טאָג איז אין וואַגאָן ווידער ליכטיק: הינטער די פענצטער — אַ פליין. און סע דאַכט זיך אויס, אַז ס׳וועט גאָר קיין סאָף ניט נעמען צו די ווייַסע קילאָמעטער־סטויפטשיקלעך, וואָס שווינד־לען אונטן איבערן אָנשיט.

און אָט איבער דעמדאָזיקן אומענדלעכן וועג וועלן אַוועק מיליאָנען טאָן ברויט, געהילץ, קוילן, מעטאַל. געשווינד וועלן פאַרבייַפליִען די קילאָמעטערס, יעדער קילאָמעטער — אַ קאָפּקע. סאַכאַקל איין קאָפּקע וועט קאָסטן אַריבערפירן איין טאָן אויף איין קילאָמעטער. אָבער אַז סע גייען מיליאָנען טאָן, איז עס מיליאָנען קאָפּקעס. און אַז זיי גייען דורך טויזנטער קילאָמע־טער, איז עס טויזנטער מיליאָן — מיליאַרדן קאָפּקעס. דאָס איז 10 מיליאָן רובל. מיליאָנען רובל! אָט וויפל ס׳וועט אונדז אָפּקאָסטן דאָס איבערפירן מאַסאָעס פון סיביר קיין מאָסקווע.

אָט ווען מע זאָל קענען דערנענטערן מאָסקווע צו סיביר! וויפל וואָלטן מיר דעמאָלט אייַנגעשפּאָרט געלט, און בעמיילע שוין אויך מי — טאַקע אונדזער אייגענע מי.

אָבער קען מען דען דערנענטערן דאָס, וואָס איז אָפּגע־טיילט אויף טויזנטער קילאָמעטער?

## 4. ווי קען מען דערנענטערן סיביר צו מאָסקווע

טו אַ קוק אויף דער מאַפּע. באַטראַכט דעם גאַנצן וועג פון מאָסקווע ביז נאָוואָסיבירסק. אין אַסאַך ערטער גייט דער וועג בויגנאַרטיק, פאַרקערעוועט צו אָפּט. צוליב וואָס האָט מען אַזוי

געבויט? ווער קענ דאָס איצט קלאָר מאכנ! אמאָליקע צײַטנ ביז דער רעוואָליוציע האָבנ זיכ דאָכ די ליניעס געבויט אָנ א פּינקטלעכענ אלגעמײנ־מעלוכישנ פּלאנ. יעדער שטאָט האָט געצויגנ די ליניע צו זיכ, אונ די ליניע האָט זיכ געשלענגלט, זיכ געקאָרטשעט — ווער ס'וועט איבערצײַענ. אונ איצטער וועט אונדז אינ אסאכ ערטער אויסקומענ אויסצוגלײַכנ די ליניעס, צו פאריכטנ די פעלערנ, וואָס ניט מיר האָבנ זײ געמאכט.

טוט א קוק, ס'ארא מינ גרויסנ קרײַז סע מאכט דער סיבּי־רער וועג צווישנ סווערדלאָווסק אונ קורגאנ. צוליב וואָס דארפנ מיר פארגײנ קײנ טשעליאבינסק, אז דאָס איז גאָרניט באם וועג? פונ סווערדלאָווסק קײנ קורגאנ דארפ מענ אויסבויענ א נײַע, א גלײַכע ליניע.

ווײַטער, אינ א צווײט אָרט, צווישנ מאָסקווע אונ קאזאנ, גײט די ליניע ווידעראמאָל ווי א בויגנ. מירנ גײנ מיט אנ אנדער וועג — ניט אפ קאזאנ, נאָר אפ גיזשני־נאָווגאָראָד. אונ פונ גיזשני־נאָווגאָראָד וועלנ מיר אויסבויענ א נײַע ליניע — גלײַכ צו דער סטאנציע שעמאָרדאנ. אָט וועט שוינ דער וועג ווערנ קירצער אפּ אסאכ קילאָמעטער.

אָבער דאָס איז נאָכ ניט אלצ. מע קענ מאכנ, אז סיביר זאָל זײַנ נאָכ נעענטער. מע קענ אזוי איבערבויענ דעמ וועג, אז ס'זאָל ניט זײַנ אינערגעצ קײנ מעשופּעדיקע בארג־ארופּנ. וואָס דער בארג־ארופּ איז מעשופּעדיקער, אלצ שווערער איז דאָכ דעמ לאָקאָמאָטיוו צו שלעפּנ דעמ צוג, אונ ער דארפ, הײסט עס, האָבנ מערער קוילנ. אונ קוילנ קאָסט געלט.




איבערמאגיסטראל מאָסקווע — נאָוואָסיבירסק. צווײיִקע פּא־סיקלעכ — דאָס איז דער אלטער וועג. מיט א שווארצ פּאסיקל זײַנענ באצײכנט די ליניעס, וואָס גלײַכנ אויס דעמ וועג.

אויב מיר וועלן ווייטער מאכן די באַרג־ארופן, מיר וועלן איבערבויען די וועגן, וועלן מיר פאַרוואַנדלען די סיבירער ליניע אין א איבערמאַגיסטראַל. אזוי רופן זיך אָן ליניעס—גיגאַנטן.

איבער דער סיבירער איבערמאַגיסטראַל וועלן זיך די צוגן־יאָגן שנעלער, איידער איבער אַלע אַנדערע ליניעס. יעדער קילאָ־מעטער וועט שוין קאָסטן ניט קיין קאָפּקע, נאָר א האַלבע קאָפּקע.

איז עס דען ניט דאָסזעלבע, וואָס פאַרקלענערן אין צוויי מאָל דעם מעהאַלעך צווישן מאָסקווע און סיביר?

## 5. נײַע וועגן

אָבער איבערמאַכן די אַלטע וועגן—דאָס איז ווינציק. מע דאַרף אויסבויען אַסאַך נײַע וועגן.

אין אַסאַך ערטער פעלט דאָך אונדז אויס אײַזנבאַן־ליניעס, און איבער דעם ליגן אין דער ערד אָן שום נוצן לאַגערן ערץ, קוילן, באַגיטיקונג, פוילן וועלדער. אין טורקעסטאַן איז נאָר א פערטל פון די באַוואַסערטע פעלדער פאַרזייט מיט בוימוואָל. און בוימוואָל דאַרפן מיר נייטיק פאַר אונדזערע לעניגראַדער,


א באַגעגעניש אין סטעפּ: א קעמל מיט א טראַקטאָר.

מאָסקווער, איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסקער פאַבריקן. מיר פירן אים פון אמעריקע און עגיפּטן און פּאַטערן דערויף מיליאָנען רובל. פאַרוואָס זייט מען אין טורקעסטאַן ניט אומעטום קיין בוימוואָל? דערפאַר וואָס מע מוז דאָרט זייען ברויט. ווען מיר זאָלן קענען אונטערפירן קיין טורקעסטאַן ברויט, וואָלט טורקעסטאַן זיך פאַרנומען מיט זיין דירעקטער זאַך, און מיר וואָלטן געהאַט בוימוואָל. נאָר ברויט איז דאָ וויפל מע וויל אין סיביר. און מע פירט ניט פון דאָרטן קיין ברויט קיין טורקעסטאַן נאָר דערפאַר, וואָס ס'איז ניטאָ קיין וועג.

אָט וואָס ס'הייסט א וועג! אז ס'איז נישטאָ קיין וועג, רופט זיך עס אָפּ אי אין סיביר, אי אין טורקעסטאַן, אי אין מאָסקווע, אין אמעריקע, אין עגיפּטן.

אצינד איז שוין דערדאָזיקער וועג אויסגעבויט. סאַכאַקל מיט דריי יאָר צוריק האָבן זיך איבער די בערג פון טשאָפּ־קאַרער באַרג־דורכגאַנג אומגעטראָגן פליערס מיט פאָטאָ־אַפּאַראַטן, האָבן פאָטאָגראַפירט דעם שטיינערנעם יאַם, האָבן אויסגעקוקט א וועג פאַר דער צוקונפטיקער באַן־ליניע. 1.442 קילאָמעטער וועג האָט מען געדאַרפט דורכלייגן, קעדיי צו פאַרבינדן סיביר מיט טורקעסטאַן. מיטאַמאָל פון ביידע עקן האָט מען אָנגעהויבן די אַרבעט. שלענגלענדיק זיך איבער סטעפּעס און מידבאָריעס, איבערקריכנדיק איבער באַרג־קייטן, האָבן זיך אוועקגעצויגן איינס צום אַנדערן ביידע האַלבטיילן פון אייזנבאַן־ליניע. און דעם 28 אַפּרעל 1930 יאָר, זיבעצן כאַדאָשים פאַרן טערמין, האָבן זיך ביידע האַלבטיילן צונויפ־געגאָסן אין איין גרויסן טורקעסטאַן־סיבירער וועג.

דאָס איז בלויז איינער פון די נייע וועגן. מיר דאַרפן אויך אַנדערע. מע דאַרף פאַרייניקן מיט א באַן־ליניע דעם מאַגניט־

בארג מיט קוזבאס, — אנדערש וועלן זיך די קוזנעצקער קוילן מיטן מאגניטאָגאָרער ארץ ניט קענען באגעגענען, און מיר וועלן דעמאָלט ניט ארויסבאקומען קיין טשוהון פון דעמדאָזיקן ארץ.

מע דארף אויסלייגן א וועג אין די געדיכטע צאָפנדיקע וועלדער, אופדעקן די רײַכקײַטן פון צאָפן און סיביר. מע דארף שאפן אן ארויסגאנג פארן ברויט פון הינטער־וואָלגע און פארן פלייש פון קאזאקסטאן.

און די פּאָספּאָריטן לעבן וויאטקע! אויב מיר וועלן ניט גיין צו די פּאָספּאָריטן, וועלן זיי דאָך צו אונדז אליין ניט קומען, און אונדזערע ראטווירטן און קאָלווירטן וועלן בלײַבן אָן באגיטיקונג.

18 טויזנט קילאָמעטער — אָט וויפל מיר דארפן האָבן נײַע אײַזנבאן־וועגן. און יעדער נײַער אײַזנבאן־וועג — דאָס איז א שליסל, וואָס שליסט אוף די פארשלאָסענע טירן פון דער נאטור.

## 6. אָנרעלסיקע וועגן

3.385 נײַע לאָקאָמאָטיוון, 165.000 נײַע וואגאָנעס — אָט וויפל מע דארף אויסבויען לויטן פינפיאָריקן פּלאן. אָבער דידאָזיקע לאָקאָמאָטיוון און וואגאָנעס וועלן ניט האָבן וואָס צו טון, אויב מיר וועלן ניט האָבן קיין אווטאָמאָבילן. מיר קענען דאָך ניט צו יעדער קאָלווירט, צו יעדער דאָרף, צו יעדער קאָאָפּעראטיוו דורכפירן א באן־ליניע. א באן־ליניע — דאָס איז א גרויסער טײַך, אָבער א גרויסער טײַך קען ניט עקזיסטירן אָן הונדערטער טײַכלעך, ריטשקעס און ריטשקעלעך, וואָס פאלן אין אים ארײַן.

מיר דארפן האָבן ניט נאָר קיין לאָקאָמאָטיוון, נאָר אווטאָ־מאָבילן אויך, ניט נאָר קיין רעלס־וועגן, נאָר אויך אָנרעלסיקע.

אָנרעלסיקע וועגן האָבן מיר 3 מיליאָן קילאָמעטער — דאָס איז דער מעהאלעכ פון דער ערד ביז דער לעוואָנע געקייפּלט אפ אכט.

אָבער אינ וואָס פאר א קלאָגעדיקן צושטאנד געפינען זיך דידידאָזיקע וועגן! גוטע וועגן, געפּלאסטערטע, ברוקירטע און אנדערע — איז בא אונדז דאָ בלויז 19 טויזנט קילאָמעטער. די איבעריקע טויגן אינערגעץ ניט. טינטערלעך, אויסגעמוליעטע היוועס, גריבער, בריקלעך, וואָס טרייסלען זיך. איבער אזא וועג וועט אפילע א וואָגן ניט שטענדיק איבערפאָרן.

און מיר ווילן אפ איינ זאוואָד נאָר אינ ניזשני בויען 140 טויזנט אווטאָמאָבילן א יאָר. אינ 1932 — 1933 יאָר וועט זיין בא אונדז מער פון 600 טויזנט אווטאָמאשינעס. אינ דער סיבירער טייגע, אינ די קירגיזער סטעפּעס — אומעטום וועט ארייַנדרינגען דער אווטאָמאָביל. אָבער דערצו דארף מען האָבן וועגן. דער אווטאָמאָביל אָן וועגן איז אלציינס, ווי א צוג אָן רעלסן. אינ אויסלאנד איז דאָ פאר די אווטאָמאָבילן — עמעסע גאסן, אָנגעטונענע אינ אספאלט און בעטאָן, גאסן אינמיטן פרייַע פעלד. אזוינע וועגן הייבן מיר אויך אָן צו בויען — אינ קרים, אינ טראנסקאווקאז, אינ צאָפנ־קאווקאז.

אָבער אָנטון אינ אספאלט און בעטאָן 3 מיליאָן קילאָמעטער — דאָס וועסטו, פארשטייט זיך, פאר קיינ פינפיאָר ניט אָפּטון.

דאָס וועגנ־פינפיאָר זאָגט: אויסבויען 360 טויזנט פארבעסערטע וועגן — ברוקירטע, געפּלאסטערטע, אספאלטענע און אנדערע. אָבער אויסער דעם, דארף יעדער שטאָט, יעדער דאָרף מיט אייגענע קויכעס פאריכטן און ברענגען אינ אָרדענונג די אייגענע וועגן. יעדער ארבעטנדיקער פאטערט פאר א יאָר עטלעכע צענדליק רובל איבער די שלעכטע וועגן, איבערן יאקרעס פון איבערפירן. דאָס דארף מען געדענקען.

## 7. וואָס וועלנ טונ די אעראָפּלאַנענ אונ דיריזשאַבלענ

דער אווטאָמאָביל אונ דער צוג זײַנענ אפ דעה ערד, דער אעראָפּלאַנ — אינדערלופטנ.

צומ סאָפ פינפיאָר וועט די צאָל לופט-ליניעס אינ פסרר אויסוואקסנ אינ צענ מאָל. דער אעראָפּלאַנ וועט ארײַנדרינגענ אינ אזוינע ערטער, ווו מע פאָרט איצט מיט הינט אונ מיט הירשנ. מענטשנ, וואָס האָבנ קיינמאָל ניט געזעענ קיינ צוג, וועלנ פליענ אפ לופט־שיפנ. דער ווײַטסטער צאָפנ אינ סיביר, די אינדזלענ אפנ צאָפנדיקנ אײַז־אָקעאַנ וועלנ באַקומענ א פאָטשט אונ צײַטונגענ פונ מאָסקווע.

אָבער אעראָפּלאַנענ וועלנ ניט נאָר פירנ. אנ אעראָפּלאַנ איז ניט נאָר קיינ איבערפירער אונ בריוונטרעגער, — אנ אעראָ־פּלאַנ איז א כײַע־כאפּער, אנ אעראָפּלאַנ איז א פאָטאָגראַפ, א אעראָפּלאַנ איז אנ אגראָנאָמ.

אעראָפּלאַנענ וועלנ אויכ ארבעטנ אינ די געווערבנ פונ כײַעס־פאַנג אינ צאָפנ, אָפּזוכנדיק אפנ ווײַסנ שניי שווארצע פלעקנ פונ סטאדעס יאמ־הינט. אעראָפּלאַנענ וועלנ באַשפּריצנ די פארזייענ אונ וועלדער מיט כעמישע מיטלענ קעגנ שעדיקער. אעראָפּלאַנענ וועלנ פאָטאָגראַפירנ די ערד פונויבנ — העלפנ אונדז בויענ אײַזנבאַנ־וועגנ.

## 8. א נײַער טײַכ

אונדז וועט אויסקומענ צו בויענ טויזנטער קילאָמעטער וועגנ מיט רעלסנ אונ אָנ רעלסנ. ס׳זײַנענ אָבער פאראנ פארטיקע וועגנ, וואָס די נאטור האָט זיי באַשאפנ. דאָס איז — טײַכנ. דידאָ־

זיקע וועגן גייען ניט קעסיידער אהין ווו מע דארף. וואָלגע וואָלט אונדז געקענט פארבײַטן זעקס באַנ־ליניעס, וואָס גייען איינס לעבן איינס. אָבער דידאָזיקע זעקס וועגן גייען אין א בלינדעק — אין קאספּישן יאם.

דער קאספּישער יאם — דאָס איז דאָך ניט קיין יאם, נאָר אן אָזערע. קיין ארויסגאנג פונעם קאספּישן יאם אין אנדערע יאמען איז ניטאָ. מיר קענען מיט דער וואָלגע ניט פירן קיין געהילצ און ברויט קיין אויסלאנד, דערפאר וואָס פונעם קאספּישן יאם איז ניטאָ קיין וועג אינעם שווארצן.

מיר קענען ניט פירן די דאָנעצער קוילן אפ די זאוואָדן פון וואָלגע־קאנט, דערפאר וואָס פונעם דאָן און פונעם דאָנעצ איז ניטאָ קיינשום וועג אפ דער וואָלגע.

די נאטור האָט אונדז געגעבן אן אויסגעצייכנטן אומזיסטן וועג, אָבער דערדאָזיקער וועג פירט אין א בלינדעק.

מיר וועלן פּרוּוון אים ענדערן, מיר וועלן פּרוּוון אים איבערמאכן.

די גאנצע ארבעט אונדזערע דאָס איז — איבערארבעטן די נאטור. באוואסערן מידבאָריעס, אופרײַסן פעלדזן, איבערטראָגן פון איין אָרט אפן אנדערן וועלדער — דאָס הייסט דען ניט איבערארבעטן די נאטור?

די וואָלגע פליסט אין א בלינדעק, אינעם קאספּישן יאם. מירן מאכן אזוי, זי זאָל פליסן אינעם שווארצן יאם אויך. מירן פארייניקן די וואָלגע און דעם דאָן מיט א קאנאל.

דאָס איז א קאָלאָסאלע אופגאבע. מע וועט דארפן אויסבויען א קאנאל פון 100 קילאָמעטער די לענג, די ברייט — 60 מעטער מיט עפּעס. אפ אראָפּנידערן צו דער וואָלגע און צום דאָן וועט מען דארפן אויסבויען צוויי גיגאנטישע לייטערס פון שליוזן.

פֿון דער זײַט פֿון דאָן — פּיר שליוזן, פּיר טרעפּ. פֿון דער זײַט פֿון וואָלגע — נײַן שליוזן. קעדיי דער קאַנאַל זאָל ניט ווערן פֿליטקע, וועט מען דאַרפֿן אויסבויען ניט ווײַט פֿונעם דאָן אַ מעכטיקע פּאָמפּע־סטאַנציע און פּאָמפּען די וואַסער דורך אַ טרויב פֿון צוויי קילאָמעטער די לענג. און די גרעב פֿון דער־דאָזיקער טרויב וועט זײַן אַזאַ, אַז אינעווייניק וועט פֿרײַ קענען שטיין דער סאַמע העכסטער מענטש.

נאָך גאָר ניט לאַנג האָבן בורלאַקעס געשלעפּט איבער דער וואָלגע די שיפֿן. אַ כּאָפּטע מענטשן איז געגאַנגען מיטן ברעג און מיט געשרייען און לידער, אָפּגייענדיק מיט שווייס, האָט זי געשלעפּט אַ שווערע באַרזשע. אויף נײַעם טײַך וואָלגע־דאָן וועלן דידאָזיקע אַרבעט טאָן אײַזערנע בורלאַקעס — טראַקטאָרס. און מיט דער צײַט וועלן מיר דורכפֿירן לענגויס דעם וואָלגע־דאָן עלעקטרישע דראָטן, און די שיפֿן וועלן גיין אויפֿן בוקסיר באַם עלעקטראָפֿירער.

## 9. פֿרילינג־וואַסערן אין געפֿענקעניש

אין עטלעכע יאָר אַרום וועט מען אַלע מאַפּעס פֿון ס ס ס ר דאַרפֿן איבערמאַכן. אין איין אָרט וועט זײַן אַ נײַער טײַך — וואָלגע־דאָן, אין אַן אַנדער אָרט — אַ נײַע אָזערע.

פֿאַר דערדאָזיקער אָזערע האָט מען נאָך ניט צוגעטראַכט קיין נאָמען. זי וועט פֿאַרייניקן צוויי טײַכן — קאַמע און פּעטשאָרע. איצטער איז אויף דעם אָרט, וווּ די וואַסערן פֿון דער אָזערע וועלן זיך צעגיסן, — אַ גרויסער, גרויסער זומפּ. אַלע יאָר, ווען ס'ע צעגייען די שנייען, לויפֿן די פֿרילינגדיקע וואַסערן פֿון אומעטום אין דער פּעטשאָרע און אין דער קאַמע. דידאָזיקע

וואסערן וועלן מיר פארכאפן אין געפענקעניש. מיר וועלן אויסבויען צוויי הויכע דאמבעס, מיר וועלן ניט לאָזן די פריי־לינגדיקע וואסערן זיך צעלויפן און מירן זיי צונויפזאמלען אין דער אָזערע. דידאָזיקע אָזערע וועט האלטן אין דער לענג 115 קילאָמעטער. די אָזערע וועט זײַן מיט אן אויספלוס.

איבער דער אָזערע וועלן גיין שיפן מיט געהילץ פון פעטשאָ־רער קאנט אפ וואָלגע. די וואָלגע וועט זיך פארייניקן ניט נאָר מיטן שווארצן יאם, נאָר אויך מיטן אײַז־אָקעאן.

דאָס איז דאָס ערשטע, וואָס ס׳וועט אונדז געבן די קאמע־פעטשאָרער אָזערע.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אלץ! דאָס וואסער וועט פון דער אָזערע אראָפּרינען אין דער קאמע. אפן וועג וועלן מיר אויס־בויען אן עלעקטראָצענטראל און מירן באקומען שטראָם.

און דאָס איז נאָך אויך ניט אלץ. די קאמע־פעטשאָרער אָזערע וועט אופהייבן דעם וואסער־ניוואָ אין דער קאמע. און דאָס הייסט, אז ארופ איבער דער קאמע ביז סאמע סאָליקאמסק וועלן אָנהייבן גיין גרויסע שיפן. אָבער צי ווייסט איר, וואָס פאר א ווערט האָט סאָליקאמסק פארן ראטנפארבאנד? לעבן סאָליקאמסק האָט מען אנטדעקט קאָלאָסאלע לאגערן פון קאלי־באַגיטיקונג. און דערדאָזיקער קאלי וועט אוועקגיין איבער דער קאמע אפ דאָרעמ — אין די ראטווירטן און קאָלווירטן.

און דאָס אלץ וועלן מיר אָפּטון, נעמענדיק אין געפענקעניש די פרילינגדיקע וואסערן.

אוועק יענע צײַט, ווען מענטשן האָבן זיך נאָר געשפּיגלט אין דער נאטור, ווען זיי האָבן געקוקט אפ איר פונדערווײַטנס ווי צושויער. פאר אונדז זײַנען די פרילינגדיקע וואסערן ניט בלויז א זאך, וואָס מע קען וועגן זיי שרײַבן לידער. פרילינגדיקע

וואסערן — דאָס איז אַ טײַך, וואָס איז געוואָרן פּולוואסעריק, דאָס איז ענערגיע, וואָס מע באַפרײַט זי און מע לאָזט זי איבער דראָטן.

אַ נײַע גרויסע קראַפט איז אַנטשטאַנען אין דער נאַטור — די קראַפט פון מענטשלעכער מי. און ניט בלויז די בלינדע סטי־כיע, נאָר אויך די באַוווּסטזיניקע, אָרגאַניזירטע, פּלאַנירטע מי פונעם מענטשן באַשאַפט איצטער טײַכן און אָזערעס, פּלאַנצט וועלדער, פאַרלאַנגזאַמט און פאַרשנעלערט דעם שטראָם פון טײַך, באַשאַפט נײַע שטאָפן און נײַע מינים געוויקסן און חײַעס.

---

# XII. ווער וועט איבערמאכן די וועלט

## 1. ארבעט און מענטשן

פאר אונדזערע אויגן באשאפט די מענטשלעכע ארבעט א נײַע נאטור. דער מענטש צעשיידט קאָנטינענטן מיט דורכגוסן, לאָזט נײַע טײַכן, האקט דורך בערג מיט טונעלן, פלאנצט וועלדער, שאפט נײַע שטאָפן און נײַע מינים געוויקסן און בעלע־כאַימ.

דער מענטש האָט מיט וואָס זיך איבערצונעמען.

אָבער צי איז עס טאקע אזוי אינדערעמעסן? דער מענטש שטאָלצירט דען שטענדיק מיט זײַן מי?

אָט נעמט אזא מין לאַנד, ווי די פאראייניקטע שטאטן. דאָס האָבן זיי, די פאראייניקטע שטאטן, דורכגעגראָבן דעם פאנאמער קאנאל, האָבן אָפּגעשניטן דאָרעם־אמעריקע פון צאָפן־אמעריקע. דאָרטן אין די פאראייניקטע שטאטן איז פאראנען דער גרעסטער זאוואָד אין דער וועלט — דער מעטאלורגישער זאוואָד גערי. אין די פאראייניקטע שטאטן מאכט מען צענדליקער טויזנטער אווטאָמאָבילן א טאָג, גלײַך ווי אן אווטאָמאָביל וואָלט געווען א שפּילקע צי א בלײַער.

גייט ארײַן אין א וועלכן ניט איז אמעריקאנער זאוואָד.

טוט א קוק אף די ארבעטער, — אָט זײַנען זיי, די באזיגערס פון דער נאטור.

זיי ארבעטן שווײַגנדיק, רעדן ניט אויס קיין וואָרט איינער צום צווייטן, טוען ניט קיין שמייכל.

„קיין פּערזענלעכע פאַרבינדונג עס איז בא אונדז קימאט ווי ניטאָ. די מענטשן טוען אָפּ זייער ארבעט און גייען אוועק אהיים — א פאבריק איז דאָך, סאָפּקאָלסאָפּ, ניט קיין סאלאָן".

אזוי זאָגט דער אמעריקאנער פאבריקאנט העענרי פאָרד.

ווי מיינט איר, די ארבעטער בא פאָרדן שטאָלצירן דערמיט וואָס זיי לאָזן ארויס פאר א מעסלעס עטלעכע טויזנט אווטאָמאָבילן און טראקטערס?

יעדער אווטאָמאָביל איז דאָך א גיכקייט, וואָס מע האָט אויסגעשפּילט, גענומען אין שלאכט. יעדער טראקטער — דאָס איז א קראפט, וואָס די מענטשן האָבן זי געוווּנען.

איך האָב ניט גערעדט מיט די פאָרדישע ארבעטער, נאָר איך גלויב ניט, זיי זאָלן שטאָלצירן מיט זייער ארבעט. וואָס פאר א שטאָלץ קאָן דאָ זײַן! דידאָזיקע מענטשן זײַנען דאָך דאָ ניט קיין באלעבאטים, נאָר באדינער, זיי זײַנען בעסאַכאקל געהאָרכזאמע אויספילערס פון א פרעמדן ווילן.

דער ארבעטער בא פאָרדן ווייסט ניט, וואָס סע טוט זיך אינעם שכיינעסדיקן ווארשטאט. און טאָמער וועט ער פרעגן, וועט מען אים ניט אויסזאָגן. ער ווייסט ניט, וואָס פאר א פּלענער סע האָט די דירעקציע, פארוואָס האָט מען אייניקע ווארשטאטן פארביטן אף אנדערע, פארוואָס הייסט מען הײַנט טון דאָס, און מאָרגן עפּעס אנדערש. ער ווייסט אפילע ניט, וואָס סע טוט זיך אינעם צווייטן עק ווארשטאט — ער האָט דאָך אפילע קיין צײַט ניט צו גיין א קוק טון. מע האָט אים פארגעבן אן ארבעט, און אף אָט דער ארבעט גייט בא אים אוועק די גאנצע צײַט און די גאנצע אופמערקזאמקײַט.

## 2 אַרבעט-הענט און אַרבעט־קעפּ

ס׳איז פאַראַן אַן אויסדרוק: „אַרבעט־הענט". דעמדאָזיקן אויסדרוק האָבן צוגעקלערט די פאַבריקאַנטן. פאַר זיי איז ניטאָ קיין אַרבעטער, ס׳איז דאָ אַרבעט־הענט. פּונקט אַזוי וואָלט מען דאָך געקאָנט אַ פערד אָנרופן „אַרבעט-פיס". פאַרן פאַבריקאַנט איז דאָס וויכטיקסטע ניט דער קאָפּ, ניט דער מויעך פונעם אַרבעטער, נאָר זײַנע הענט, זײַנע צען פינגער. קיין אַרבעט־קעפּ דאַרף דער פאַבריקאַנט ניט האָבן, אָדער ער דאַרף זיי קימאַט ניט האָבן.

„דער גרעסטער טייל אונדזערע אַרבעטער האָט קיין שולן ניט באַזוכט. זיי לערנען זיך אויס זייער אַרבעט פאַר עטלעכע שאָ אָדער טעג".

דאָס האָט אויך געזאָגט הענרי פאָרד.

דער מענטש האָט אַ מויעך, ער האָט אַ פעיִקייט צו דענקען און פאַרשטיין, און דאָ צווינגט מען אים, ער זאָל טון דאָס, וואָס מע דאַרף זיך צוליב דעם קימאַט ניט לערנען, וואָס סע וואָלט געקאָנט טון אַ דעפעקטיווער אָדער אינגאַנצן אַ אידיאָט

„אין רעזולטאַט פון האַלטן זיך בײַ די אײַנגעשטעלטע גרונט־געזעצן פון מאָנטירן זײַנען קלענער געוואָרן די פאָדע־רונגען, וואָס ווערן געשטעלט צו די דענק־פעיִקייטן פונעם אַרבעטער".

דאָס קומט אויס אין אונדזער שפּראַך לאַנג און ניט פאַר־שטענדלעך. פּאָשעטער וואָלט געווען צו זאָגן עס אַזוי:

„בײַ די נײַע געזעצן פון מאָנטירן האָט מען געקאָנט צונע־מען אין דער אַרבעט טעמפּע און פאַרשטאָפּטע קעפּ".

לייענט ווײַטער:

„ווי ווײַט מעגלעך קומט אויס דעם ארבעטער אויסצופילן איינע און דיזעלבע זאך מיט איינער און דערזעלבער באוועגונג. איינע פון די סאמע טעמפסטע פונקציעס אפ אונדזער פאבריק באשטייט אין דעם, וואָס דער מענטש נעמט מיט א שטאָלענעם האטשעק א מאכשיר, דרייט מיט אים אין א פאס אייל און לייגט אים ארײַן אין א קאָרב לעבן זיך. די באוועגונג איז קעסיידער איינע און דיזעלבע. ער נעמט דעם מאכשיר שטענדיק אפ דעמזעלבן אָרט, מאכט שטענדיק דיזעלבע צאָל דרייעכצן און טוט אים ווידער א וואָרפ אפן אלטן אָרט. ער דארף דערצו ניט האָבן ניט קיין מוסקול־קראפט, ניט קיין אינטעליגענטישקײַט. ער איז פארנומען בלויז דערמיט, וואָס ער באוועגט שטילינקערהייט מיט די הענט אהין און צוריק".

געפעלט די ארבעטער אזא סיסטעם?

„בא אונדז איז געווען אן ארבעטער, וואָס האָט טאָג־אײַן, טאָג־אויס באדארפט אויספילן בלויז איין און איינציקע באוועגונג מיט דער פוס. ער האָט זיך געקלאָגט, אז אָט די באוועגונג מאכט אים פאר אן איינזײַטיקן. כאָטש די מעדיצינישע אויספאָרשונג האָט געגעבן א נעגאטיווע ענטפער, האָט ער פונדעסטוועגן באקומען א נײַע ארבעט, בא וועלכער סע איז געווען באשעפטיקט אן אנדער גרופע מוסקולן".

אין איינער אן אמעריקאנישער צײַטונג איז געווען אָפּגעדרוקט אזא פראזע: „דער סאמע ווערטפולער מענטש אין א ווארשטאט מיט אווטאָמאטישע מאשינעס — דאָס איז א מענטש אָן א פאנטאזיע, א מענטש מיט א קנאפער אנטוויקלונג, נידעריקער פונעם דורכשניט".

מע וואָלט געקאָנט מיינען, אז מע דערפינדעט אווטאָמאטישע מאשינעס צוליב דעם, אז די מענטשן זאָלן ניט פארוואנדלט

ווערן אין קיין אווטאָמאַטן, אַז דער מענטש זאָל וואָס ווייניקער אַרבעטן מיט די הענט און וואָס מער מיטן קאָפּ. יעדער דער־פינדער מיינט, אַז זיין נייע מאַשין באַפרייט דעם מענטשן פון אַ שווערער און ניט־איינגענומענער אַרבעט, אַז די שווערע און ניט־איינגענומענע אַרבעט ווערט אַריבערגעלייגט פונעם מענטשנס פּלייצעס אויף דער מאַשינס פּלייצעס.

אַזוי וואָלט עס טאַקע באַדאַרפט זיין. אָבער אין אַמעריקע קומט אויס קאַפּויער. דער מענטש ווערט אין וואַרשטאַט מיט די אווטאָמאַטישע מאַשינען אַליין אַן אווטאָמאַט. ניט נאָר וואָס די מאַשין באַפרייט ניט דעם מענטשן פון שווערער מי, נאָר זי מאַכט די אַרבעט נאָך שווערער.

## 3. ניט קיין לעבעדיקע קעגן לעבעדיקע

אַ מענטש אויף אַן אַמעריקאַנער פאַבריק איז, סאָפּקאָלסאָפּ, איינע פון די מאַשינען. ס'איז פאַראַן מאַשינען לעבעדיקע און ניט קיין לעבעדיקע, און סע טרעפט זיך ניט זעלטן, אַז די ניט־לעבעדיקע מאַשינען שלאָגן אויף די אַרבעט בײַ די לעבעדיקע.

יעדער נייע מאַשין, יעדער נייע דערפינדונג וואַרפט אַרויס אויף דער גאַס טויזנטער אַרבעטער. אויף די גלאָז־זאַוואָדן מאַכט איין מענטש פאַר אַ שאָ 3 טויזנט פלעשער. און אין די פריִערדיקע צייטן האָט מען דערויף באַדאַרפט האָבן 77 מענטשן. הייסט עס, אַז יעדער מאַשין אויף צו מאַכן פלעשער האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס 76 מענטשן. די ניט־לעבע־דיקע שטויסן אַרויס די לעבעדיקע. די ניט־לעבעדיקע האַלטן מילכאָמע מיט די לעבעדיקע.

סטיוארט טשעז זאָגט:

„די מאשינעס פרוכפערנ זיכ אונ מערנ זיכ, וואָסאמאָל ווערט מערער אונ מערער. מיר האָבנ זיי אלײנ אויסגעהאָדעוועט, אונ איצטער האָבנ זיי אונדז ארומ־גערינגלט, ווי ווילדע אונ גע־פערלעכע כײַעס, אונ מיר זײַנענ בא זיי אינ די הענט“.

אצינד זאָגט אלײנ, צי קאָנ א לעבעדיקע מאשינ, א לעבעדיקער אווטאָמאט ליב האָבנ די ארבעט?

אונ צי וואָלט איר גענומענ אפ זיכ אזא ארבעט, ווענ מע לײגט זי אײַכ פאָר, — אנ ארבעט פונ א געהאָרכזאמ געווער, אנ ארבעט פונ א אינסטרומענט אינ פרעמדע הענט? איכ ווייס אײַער ענטפער — אזא מינ ארבעט קאָנ מענ בלויז האסנ.



די קאפיטאליסטנ גארנ נאָכ אזא מינ ארבעטער־אווטאָמאט.

דאָס איז א קינסטלעכער מענטש „ראָבאָט“, וואָס איינער א אינזשענער ריטשארדס האָט אימ אופגע־שטעלט. ער קענ אויסריידנ עטלעכע ווערטער, דערלאנגענ די האנט, זיכ זעצנ אונ אופשטייִנ.

## 4 פארוואָס־זשע ארבעטנ זיי פונדעסטוועגנ?

פארוואָס־זשע ארבעטנ פונדעסטוועגנ די אמעריקאנער ארבעטער, וויבאלד זיי האָבנ פײַנט די ארבעט אונ וויבאלד מע קענ טאקע ניט אינדערעמעסנ אָט די ארבעט ניט פײַנט האָבנ? פארוואָס גייענ זיי ניט אוועק פונ די פאבריקנ?

אייניקע גייען אוועק, ווערן שלעפּערס, גאַנאָווים, באַנדיטן, רויבערס. סע טרעפט זיך, אַז די רויבערס פאַררייניקן זיך אין איין מאַכנע און האַלטן אין מוירע גאַנצע שטעט, אַזוינע גרויסע שטעט ווי טשיקאַגאָ.

אָבער אַזעלכע איז דאָך קיין סאַך ניטאָ.

און די איבעריקע?

און פאַר די איבעריקע איז ניטאָ קיין ערגערס אין דער וועלט, ווי בלײַבן אָן אָט דער פאַרהאַסטער אַרבעט. בלײַבן אָן אַרבעט הייסט — בלײַבן אָן אַ דירע, אָן הייצונג, אָן עסן. בלײַבן אָן אַרבעט הייסט — נעכטיקן אַפּ אַ באַנק אין סקווער אָדער אַפּ די טרעפּ באַם ברעג, גאַנצע טעג אַרומשפּאַנען איבער דער שטאָט, זוכן אַ שטעלע און אומעטום באַקומען איינעם און דעמזעלבן ענטפער: „ניטאָ קיין אַרבעט".

בעסער שוין וואָסערע ניט איז, זאָל זײַן די סאַמע טעמפּסטע, די סאַמע אומדערטרעגלעכסטע אַרבעט, איידער אַרבעטלאָזיקײַט.

עמעס, ס'זײַנען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין מוירע פאַר אַרבעטלאָזיקײַט.

דאָס זײַנען יענע, וואָס האָבן אַסאַך געלט.

אָט די מענטשן האָבן בעיאַד ניט צו אַרבעטן. פאַר זיי איז די אַרבעט ניט אָבליגאַטאָריש. זיי זײַנען פּאָטער פון דער אַרבעט, וואָס איז אַ קאַטאָרגע, און דערפאַר טאַקע איז מען זיי אַזוי מעקאַנע.

טוט אַ פרעג די קלערקן אין באַנק, טוט אַ פרעג די פאַרקויפערס אין מאַגאַזין, וועגן וואָס טרוימען זיי מער פון אַלץ. פון צען מענטשן וועלן אַכט נײַן ענטפערן: „רײַך ווערן און האָבן אַ מעגלעכקײַט צו לעבן און גאָרניט טון". אין שול

פריידיקט דער לערער: „ליידיקגייַן איז אַ פאַרברעכן". זאָל אָבער דערדאָזיקער לערער מאָרגעדיקן טאָג רײַך ווערן, מיינט איר, וועט ער בלײַבן ארבעטן אין שול? ניין, ער וועט ארויס־שלײַדערן זײַנע לערנבי־כער און מאכשירים, ווי אלטע שמאטעס, און וועט לעבן, ניט טוענדיק גאָרניט. איך האָב אָט דאָ ניט לאנג איבערגעלייענט אַ ראָמאן פון אַ ענגלישן שרײַבער לאָק, וואָס דאָרטן קומט טאקע אזוי פאָר. דער העלד פונעם ראָמאן, נאָך דעם, ווי ער איז רײַך געוואָרן, קומט אים אפילע ניט אפן געדאנק ווײַטער צו ארבעטן אין שול.

טויזנטער מענטשן ארבעטן צוליב דעם, זיי זאָלן באקומען די רעכט ניט צו ארבעטן.

אז מע האָט געלט, קאָן מען ווערן אַ באלעבאָס אָדער איי־נער פון די באלעבאטים פון אַ פאבריק, פון אַ אײַזנבאן־ליניע, אַ האנדל־אונטערנעמונג און צווינגען אנדערע מענטשן אר־בעטן אף זיך, און אליין ניט ארבעטן. און דערפאר טאקע גייט אזא געשלעג צווישן מענטשן איבער געלט.

## 5. אַ מילכאָמע פון אלע קעגן אלע

קעדיי צו האָבן וואָס מער געלט, סטארעט זיך דער פאב־ריקאנט צו צאָלן וואָס ווייניקער יענע, וואָס ארבעטן אף אים. אָבער ארבעטער איז דאָך פאראן אסאך מאָל מערער, איידער פאבריקאנטן. וועער איז דער וויכטיקסטער קוינע פון די סכוי־רעס? יענע מענטשן, וואָס ארבעטן אף די פאבריקן, אין די מאגאזינען, אף די אײַזנבאנען, אף די לאנדווירטשאפטלעכע פערמעס. און וואָס ווייניקער זיי באקומען פאר זייער ארבעט, אלץ ווייניקער האָבן זיי בעיאַד צו קויפן.

וואָס־זשע קומט אויס?

קומט אויס, אז אין לאנד איז פאראנען איבעריקע סכוירעס, און ווער סע זאָל קויפן איז ניטאָ.

די, וואָס פארמאָגן אסאך געלט, קלערן צו פארשיידענערליי מיטלען, קעדיי צו צווינגען יענע, וואָס פארמאָגן ווייניק געלט, זיי זאָלן קויפן.

אין צײַטונג ווײַזט זיך אן ארטיקל:

— „עסט מערער פלייש!"

דאָס סטארען זיך אזוי די פלייש־הענדלערס.

א צווייטע צײַטונג רעדט אײַן:

—„עסט מערער ברויט!"

א דריטע צײַטונג שרײַט:

— „טרינקט מערער מילך!"

מענטשן האָבן ניט פארוואָס צו קויפן איין בולקע, און דאָ רעדט מען זיי אײַן, זיי זאָלן אופעסן דרײַ.

— קויפט וועלאָסיפעדן!

— קויפט אייביקע פענעס!

— קויפט ניקלענע בעטן!

די שפּיל גייט אלץ מיט מערער און מערער ברען. דער ציל פון דער שפּיל איז — באקומען דעם קוינעס בײַטעלע. דאָס בײַטעלע איז בלויז איינס, און באלאָנים אפ דעם איז פאראנען אסאך. אויב דער מענטש וועט קויפן בלײַערס, וועט בא אים קיין געלט ניט קלעקן אפ קיין אייביקער פען. איז אָט ווערן די מענטשן, וואָס מאכן אייביקע פענעס, סאָנים אפ מעסער־שטעכן יענע מענטשן, וואָס מאכן בלײַערס.

סע האלטן מילכאָמע ניט בלויז בלײַערס מיט פענעס, סע האלטן מילכאָמע שיך מיט שטיוול, שטיוול מיט וועלאָסיפעדן, וועלאָסיפעדן מיט אוטאָמאָבילן, אוטאָמאָבילן מיט אײַזנבאנען.

— גייט מערער צופוס, האַרטעוועט אײַער געזונט! — שרײַען די שיך־הענדלערס.

— ברענגט ניט אויס קיין צײַט און קיין געזונט אָפּ צופוס גיין, קויפט אַ וועלאָסיפּעד! — טײַנען די וועלאָסיפּעדן־הענדלערס.

סע קומען אויף שוץ־פאַרבאַנדן און אָנגריף־פאַרבאַנדן. נאָכט האַלט מילכאָמע מיט קוילן, וואַלד מיט מעטאַל, ערדאַרבעט מיט אינדוסטריע, שטאָט מיט דאָרף.

אַלע האַלטן מילכאָמע קעגן אַלע.

און פון טאָג צו טאָג ווערט די שפּיל אַלץ מער אַכזאָריעס־דיק און מער באַריש.

## 6. אַ זייגער און אַ פּרוזשינע

וויאַזוי־זשע רופט זיך אָן אָט די באַרישע און אַכזאָריעסדיקע שפּיל, אָט די מילכאָמע פון אַלע קעגן אַלע?

זי רופט זיך אָן:

„קאָנקורענץ".

ווײַט ניט אַלע האַלטן אָט די שפּיל פאַר אַ באַרישער. די, וואָס געווינען, האַלטן זי ניט פאַר קיין באַרישער. טוט אַ רעד מיט זיי. זיי וועלן אײַך דערווײַזן, אַז אָן קאָנקורענץ, אָן „פּערזענלעכער פאַרינטערעסירטקײַט" קאָן מען ניט לעבן. „פּערזענלעכע פאַרינטערעסירטקײַט" רופן זיי אָן די גיריקײַט צו זשעברעווען, די גיריקײַט רײַך צו ווערן. באַ זיי קומט אויס, אַז מענטשן אַרבעטן בלויז צוליב דעם טאַקע, קעדיי צו דערשלאָגן זיך אַ מעגלעכקײַט אָפּ ניט צו אַרבעטן. אָן דעם לעקעכל, זאָגן זיי, וועט קיינער ניט גיין אַרבעטן.

א דירעקטער פונ א טרעסט, וואָס באקומט ניט קיינ רעוועכ, וועט זיכ דענ סטאַרען אזוי, ווי אזא דירעקטער, וואָס באקומט יאָ רעוועכ? עמעצער וועט דענ וועלנ דערפינדנ, אויב די דער־פינדונג וועט ניט רײַכ מאכנ דעמ דערפינדער? מענטשנ וועלנ דענ פארבעסערנ זייערע געשעפטנ, צוקלערנ, זיכ דרייענ א קאָפּ, אויב סע וועט ניט זײַנ בא זיי קיינ „פּערזענלעכע פאריג־טערעסירטקײַט", סע וועט ניט זײַנ קיינ אזארט אינ דער שפּיל? אלצ וועט זיכ צעוואלגערנ, אלצ וועט זיכ צעקלאפּנ. קאָנקור־רענצ, גיריקײַט אָנצוזשעבערעוועג — דאָס איז א פּרוזשינע. נעמט ארויס פונעמ זייגער די פּרוזשינע, וועט דער זייגער בלײַבנ שטיינ.

אָט וואָס סע טײַנעג יענע, וואָס די קאָנקורענצ לוינט זיי.

צי איז עס עמעס?

בא אונדז אינ לאנד איז ניטאָ קיינ קאָנקורענצ, איז ניטאָ קיינ מילכאָמע צווישנ פאבריקנ, בא אונדז איז אנ אלגעמיי־נע ארבעט לויט א פּלאנ. בא אונדז אינ לאנד בויט זיכ סאָצי־אליזמ — אזא אָרדענונג, בא וועלכער סע קאָנ ניט זײַנ ניט קיינ רעוועכ, ניט קיינ פארדינסט, בא וועלכער מע וועט דאָס געלט אויכ מיט דער צײַט ניט דארפנ האָבנ.

די אלטע פּרוזשינע — די פּרוזשינע פונ זשעבערעוועג — איז בא אונדז ארויסגענומענ.

אָבער ס'איז דענ ניטאָ קיינ אנדער פּרוזשינע?

שויג־זשע איז דאָס רײַכ ווערנ דאָס אייגציקע מיטל, וואָס קאָנ באגײַסטערנ מענטשנ? ס'איז דענ נישטאָ קיינ אנדער אזארט, כוצנ אזארט פונ געשעפטלײַט אונ הענדלערס?

דער פינפיאָריקער פּלאנ שטעלט פארנ גאנצנ לאנד ריזיקע אופגאבעס. קעדיי אויסצופילנ אָט די אופגאבעס, איז נייטיק

אזארט, איז ביטיק אינטערעס צו דער זאך. אַן אינטערעס צו דער זאך וועט גאָרניט ארויסקומען.

מע דארף דאָך אין פינף יאָר אָפּטון דאָס, וואָס אנדערע לענדער האָבן באַדארפט האָבן דערויף פופציק. דאָ איז בייטיק אזא אזארט, וואָס אזוינס איז נאָך קיינמאָל און אינערגעץ ניט געווען.

קעדיי אויסצופילן דעם פלאַן, איז ווייניק צו האָבן קוילן, איז ווייניק צו האָבן נאַפט. מע דארף האָבן גאָר אַן אנדער ענערגיע, און דידאָזיקע ענערגיע איז די סאמע מעכטיקע: ענערגיע פון מענטשלעכן ווילן, פון שטאָלענעם ווילן צו דער־פירן די ארבעט ביזן סאָף.

פאַראַן בא אונדז אָט די ענערגיע? און אויב ס'איז פאַראַן, איז וויאזוי דארף מען זי ריכטן, אז זי זאָל ניט אויסגעבראַכט ווערן אומזיסט?

## 7. אַן ארבעטער — אווטאָמאַט און אַן ארבעטער — באַלעבאָס

אסאך פון אונדזערע נייע זאוואָדן זיינען געראָטן אין פאָרדס זאוואָד אין דעטרויט. בא פאָרדן איז דאָ קאָנווייערס, און בא אונדז איז אויך דאָ קאָנווייערס. בא פאָרדן איז דאָ פאָרמיר־מאשינעס, און בא אונדז איז אויך דאָ פאָרמיר־מאשינעס. בא פאָרדן איז דאָ בליומינגען, און בא אונדז איז אויך דאָ בליומינגען, אָבער בא פאָרדן איז דער ארבעטער אַן אווטאָמאַט, בא פאָרדן ווייסט דער ארבעטער ניט, וואָס טוט זיך פון יענער זייט וואנט, אינעם שכיינעסדיקן װארשטאַט. בא פאָרדן דערוועגט זיך דער ארבעטער ניט צו האָבן זיין

מיינונג, ער איז מעכוּעוו צו פּאָלגן, און בּאַ אונדז קוקן די אַרבּעטער אַריַין אומעטום, ריידן וועגן אַלץ, קלײַבּן פאַנאַנדער, באַטראַכטן די פּראָרדענונגען, אָרדענען איַין באַראַטונגען.

אין וואָס־זשע גייט עס?

סע גייט אין דעם, וואָס בּאַ פּאָרדן איז דער בּאַלעבּאָס — פּאָרד, און בּאַ אונדז — דער אַרבּעטער.

און דעם בּאַלעבּאָס איז ניט אַלציינס, וויאַזוי סע גייט בּאַ אים די אַרבּעט אַפן זאַוואָד, און סע קאָן אים ניט זיַין אַלציינס באַם אַרבּעטער פונעם סאָציאַליסטישן זאַוואָד איז אויך פאַראַן אַ „פּערזענלעכע פּאַרינטערעסירטקיַיט", אָבער פאַרינטערעסירט איז ער ניט אין קיין רעוואָכים, ניט אין באַרײַכט ווערן, נאָר אין דעם, ער זאָל אויסבּויען אַ נײַ בעסערן לעבּן פאַר זיך און פאַר אַנדערע אַרבּעטנדיקע.

דער אַרבּעטער איז דער בּאַלעבּאָס, און אַ בּאַלעבּאָס דאַרף אַליין אינזינען האָבּן יעדער קאָפּקע, אַז די הויצאָעס פון דער פּראָדוקציע זאָלן זיַין קלענער, די אויסאַרבּעטונג — גרעסער, די קוואַליטעט — בּעסער.

און אָט גייען איבּער איין צעך נאָכן אַנדערן, איין אַרבּע־טער־בּריגאַדע נאָך דער אַנדערער אַפן אַ נײַעם מעטאָד פון אַרבּעט: אַפן ווירטשאַפטלעכער אויסרעכענונג.

בּאַ יעדער מאַכנע אַרבּעטער — בּאַ יעדער צעך, בּריגאַדע וואַרשטאַט — איז פאַראַן אַן אייגענער פּלאַן, אַן אייגענער דיס־קאָנט, אייגענע מיטלען און אַכרײַעס. די אַרבּעטער ווייסן, אַז אויב זיי וועלן פאַרן כוידעש אָפּשפּאָרן מיט געלונגענער אַרבּעט טויזנט רובּל, וועט דאָסדאָזיקע געלט ניט אַרײַן דעם פאַבּריקאַנט אין קעשענע. דערדאָזיקער טויזנטער וועט גיין אַפּ צו פאַרבּע־סערן און פאַרפעסטיקן דעם זאַוואָד, אַפּ פּרעמיעס פאַר די

ארבעטער־שלאָגלערס, אפּן זאַוואָדישן קלוב, אפּ דער זאַוואָדי־
שער ביבליאָטעק. ארויסקריכן פונעם זומפּ און פון דער אָרעמ־
קייט, איבערלייגן אפּ די פּלייצעס פון די מאשינעס די טעמפּע
און שווערע ארבעט, ווערן אן עמעסער באַלעבאָס איבער דער
נאַטור — אָט אין וואָס דער ארבעטער איז בא אונדז אין לאנד
פאַרינטערעסירט.

דעם רודער פון דער געשיכטע איז שווער א דריי צו טון,
אָבער אז מע טוט זיך א גוטן נעם, קאָן מען אים א קערעווע
טון. און דערדאָזיקער ווילן א קערעווע צו טון די געשיכטע,
איבערצומאכן די וועלט — דאָס איז טאקע די ענערגיע, וואָס מיר
דארפן האָבן, די ענערגיע פונעם מענטשלעכן ווילן.

אָבער בלויז ווילן איז נאָך ווייניק. מע דארף וויסן, וואָס
מיט אים צו טון, מיט אָט דעם ווילן. דער ארבעטער איז דער
באַלעבאָס פונעם זאַוואָד, און ניט נאָר פונעם זאַוואָד, נאָר פון
גאנצן לאנד. אָבער וואָס דארף ער טון, ער זאָל זיין דער
באַלעבאָס פונעם לאנד אינדערעמעסן, ניט אבי סע זאָל הייסן?

ווי־אזוי קאָן ער, שטייענדיק בא זיין ווארשטאט, אין זיין
ווינקל פונעם ווארשטאט, ווי א באַלעבאָס אכטונג געבן אפּן
גאנצן זאַוואָד, אפּ אלע זאַוואָדן?

עפּשער איז עס א טרוים, אן אוטאָפּיע, וואָס פון איר וועט
גאָרניט ארויסקומען?

פאָרט זיך דורך אפּ די זאַוואָדן, וואָס האָבן שוין אויסגעפילט
דאָס פינפיאָר אין $2^1/_2$ יאָר, פאָרט זיך דורך אפּ די נאפט־געווערבן
אין באקו און אין גראָזני און טוט א פרעג די ארבעטער, ווי־אזוי
זיי האָבן זיך דערשלאָגן צום זיג.

זיי וועלן איך דערציילן וועגן שלאָג־בריגאדעס, וועגן
אנקעגנדיקן פּלאן, וועגן סאָציאליסטישער פארמעסטונג, וועגן

בריגאַדעס אַפ צו באַהערשן די טעכניק. און אַז איר וועט זיך מיט זיי דורכריידן, וועט איר וויסן, צי קאָן דער אַרבעטער זײַן דערווירקלעכער באַלעבאָס פונעם זאַוואָד, דער באַלעבאָס פונעם לאַנד.

## 8. פאַרמעסטונג צווישן וואַרשטאַטן און זאַוואָדן

שלאָג־בריגאַדע, בריגאַדע צו באַהערשן די טעכניק, סאָציאַ־ליסטישע פאַרמעסטונג, אָנקעגנדיקער פּלאַן,— וואָס איז עס פאַר אַ ווערטער און אויסדרוקן?

די דאָזיקע ווערטער זײַנען אין די ווערטערביכער ניטאָ, זיי זײַנען נאָך אַהין ניט אַרײַן. אין לאַנד גייט די אַרבעט אַפ אַ נײַעם שטייגער. אין לאַנד גייט אַ בויונג ניט בלויז פון נײַע זאַוואָדן, נאָר אויך פון אַ נײַ לעבן אַפ אָט די זאַוואָדן. און פאַר נײַע אויפטוען דאַרף מען האָבן נײַע ווערטער.

בא אונדז איז יעדער אַרבעטער אַ באַלעבאָס. דאָס איז נײַ. אָבער וויבאַלד דער אַרבעטער איז אַ באַלעבאָס, קאָן ער ניט זײַן בלויז אַן אויספילער פון פרעמדע באַפעלן, ער וויל באַוווּסט־זיניק אַרבעטן. איז אָט רופן די אַרבעטער צונויף פּראָדוציר־באַראַטונגען און זיי באַהאַנדלען פּראָדוציר־אינישאַנים. דאָס איז אויך נײַ, דאָס איז אויך אינערגעץ נישטאָ.

קעדיי מערער צו באַווײַזן, קעדיי אונטערצוציִען די אָפּגעשטאַנענע און זיי העלפן, קעדיי צו ווײַזן פאַר אַנדערע אַ בײַשפּיל — אָרגאַניזירן די אַרבעטער שלאָג־בריגאַדעס. און דאָס איז אויך אַ נײַס. דאָס וועט איר אויך בא פּאָרדן ניט געפינען.

אַפ אַ נײַעם שטייגער, ווי אַן עמעסער באַלעבאָס, הייבט זיך אָן דער אַרבעטער באַציִען צו דער אַרבעט. טאָמער קומט פּאָר

אינ איינ ווערסטעט אנ אָפּהאלט, וועט דער צווייטער ניט זאָגנ: „מיר גייט עס ניט אָנ“. אויב די גיסערײַ וועט ניט דער־לאנגענ קיינ טשוהונ — וועט דער מעכאנישער צעכ בלײַבנ שטיינ. אויב דער מעכאנישער וועט ניט געבנ קיינ דעטאלנ — וועט בלײַבנ שטיינ דער מאָנטיר-צעכ, וועט בלײַבנ שטיינ דער גאנצער זאוואָד. אונ וויבאלד דער זאוואָד וועט בלײַבנ שטיינ, וועלנ זיכ אויכ אסאכ אנדערע אָפּשטעלנ. נעמט דעמ ניזשע־גאָראָדער אווטאָזאוואָד. רעסאָרנ־שטאָל וועט אימ שיקנ דער זלאטאָוסטאָווער זאוואָד, קוילנשטאָפּיקנ — דער מאריופּאָלער „סערפּ אונ האמער“, בלאט־שטאָל — דער מאריופּאָלער אונ ליסווענער, באָלטנ אונ ניטנ — „די רויטע עטנע“, שינעס — דער „רעזינאָטרעסט“, לאמטערנס — „דער רויטער אָקטיאבער“, קינסטלעכנ לעדער — דער קינעשמער זאוואָד. אונ אויב נאָר אפילע איינער פונ אָט די זאוואָדנ וועט אונטערפירנ, ניט אויס־פילנ דעמ פּלאנ, וועט דער אווטאָזאוואָד בלײַבנ שטיינ. יעדער זאוואָד איז פארבונדנ מיט צענדליקער אנדערע זאוואָדנ, אונ ס׳איז נאָכ ניט גענוג אופצוהייבנ די אויסארבעטונג, פארבעסערנ די ארבעט פונ דער אייגענער בריגאדע, פונעמ אייגענעמ ווארשטאט. מע דארפ, אז אלע בריגאדעס, אלע ווערסטעטנ, אלע זאוואָדנ זאָלנ ארבעטנ גוט.

איז אָט שיקט א בריגאדע אנ ארויסרופ א צווייטער בריגאדע, איינ ווארשטאט — א צווייטנ ווארשטאט, איינ זאוואָד — א צווייטנ זאוואָד.

„קאָנקורענצ“ — דאָס איז די פּרוזשינע פונ דער קאפּיטאלי־סטישער ווירטשאפט.

„סאָציאליסטישע פארמעסטונג“ — דאָס איז די פּרוזשינע פונ דער סאָציאליסטישער ווירטשאפט.

בא אונדז פֿארמעסט זיך אויך א זאוואָד מיט א זאוואָד, וואלד מיט מעטאל, נאפֿט מיט קוילן. אָבער די קלאָלים פֿון דער שפּיל זײַנען גאָר אנדערע. דאָרטן כּטארעט זיך איין פֿאבריק אומ־ברענגען די צווייטע, דער נאפֿט סטארעט זיך ארויסשטויסן די קוילן, די וואלד־אינדוסטריעלער פֿרייען זיך, אז די מעטאל־אינדוסטריעלער כאפּן א מאפּאָלע.

גאָר עפּעס אנדערש איז אינעם סאָציאליסטישן לאנד. ווען אף איין זאוואָד איז עפּעס ניט אין אָרדענונג, שיקט אים אן אנדער זאוואָד צו הילף די בעסטע ארבעטער — א „בוקסיר“; אז סע האלט שלעכט מיט קוילן, קומט צו הילף דער נאפֿט. דער סטאלינגראדער טראקטער־זאוואָד איז אָפּגעשטאנען. די ארבעטער און מײַסטערס האָבן נאָך קיין דערפֿארונג ניט געהאט. אלע טאָג זײַנען ארויסגעפֿאלן פֿון דער ארבעט טײַערע אויס־לענדישע ווערסטעטן. הײַנט האָט דער זאוואָד געגעבן פֿופֿציק טראקטערס, מאָרגן — קיין איינעם ניט. דער קאָנווייער איז שאָענווײַז געשטאנען אָן באוועגונג. האָבן די ארבעטער פֿונעם זאוואָד „קראסני פּוטילאָוועץ“ ארויסגערופֿן די סטאלינגראדער אף א פֿארמעסטונג. אָבער זיי האָבן זיך דערמיט אליין ניט באגרענעצט. זיי האָבן אוועקגעשיקט די סטאלינגראדער צו הילף אלטע דערפֿארענע אינזשענערן און ארבעטער. דאָס גאנצע לאנד האָט נאָכגעשפּירט נאָך דעם פֿארמעסטונג צווישן ביידע זאוואָדן. און איצטער, ווען איך שרײַב דאָס אָ, האָבן שוין די סטאלינגראדער אריבערגעיאָגט די פּוטילאָווער און זיי האלטן אין איין גיין ארוף.

„אומברענגען דעם, וואָס שטייט אָפּ“ — דאָס איז דער וויכ־טיקסטער קלאל פֿון דער שפּיל, וואָס רופֿט זיך אָן קאָנ־קורענץ.

„העלפּן דעם, וואָס שטייט אָפּ“ — דאָס איז דער וויכ־טיקסטער קלאַל פון דער שפּיל, וואָס רופט זיך אָן פאַרמע־סטונג.

אַן אַרבעטער אין אַמעריקע איז אַ קנעכט בײַ דער מאַשין. אַן אַרבעטער בײַ אונדז איז אַ באַלעבאָס איבער דער מאַשין. ער איז אָבער באַלעבאָס ניט בלויז איבער דער מאַשין, נאָר אויך איבערן גאַנצן לאַנד. אַז ער באַקומט דעם פּלאַן, קאָן ער אים ניט אָנעמען אַפּן וואָרט. ער באַטראַכט אים, און טאָמער זעט ער, אַז דער פּלאַן איז צונויפגעשטעלט ניט ריכטיק, אַז מע קאָן מאַכן מערער און בעסער, שטעלט ער צונויף אַן אַנקעגנדיקן פּלאַן און שיקט אים אַוועק אַהין, ווו די פּלענער ווערן צונויפ־געשטעלט. אָבער קעדיי צו פאַרבעסערן די פּראָדוקציע, קעדיי צו צונויפשטעלן פּלענער, דאַרף מען קענען טעכניק. איז אָט ווערן די זאַוואָדן פאַרוואַנדלט אין טעכניקומען און ווטוזן, צווישן די ווערסטעטן שטעלט מען אַוועק קלאַסן־טאָוולען. דער אַרבעטער איז אַ באַלעבאָס איבער דער מאַשין, און ער וויל זי פאַרשטיין.

און אַזאַ אַרבעט קאָן ניט ניט פאַרכאַפּן. די אַרבעט ווערט פון אַ שווערן יאָך פאַרוואַנדלט „אין אַ זאַך פון ערע, אין אַ זאַך פון רום, אין אַ זאַך פון העלדנמוט און העראָישקײַט“. דער אַרבעטער זעט דאָך בײַ אונדז פאַר זײַנע אויגן ניט בלויז זײַן ווערסטעט, נאָר אויך די גאַנצע ריזיקע מאַשין פונעם לאַנד. ער ווייסט, אַז ער איז דער באַלעבאָס פון אָט דעם גיגאַנט. ער פילט, אַז ער איז אַ ריז, ער שטאָלצירט מיט זײַן אַרבעט און מיט זײַנע ניצחונעס.

יעדן טאָג מעלדן צײַטונגען די נעמען פון אַרבעטער־העלדן. אָט איז כינייקאָ, דער בעסטער שלאָגלער פונעם זאַוואָד־ווטוז

אפ סטאלינס נאָמען. „דעם 1 אווגוסט 1930 יאָר, — דערציילט די צײַטונג „פּראַווּדאַ“, — האָט מען אונטער כינייקאָס אָנפירונג ארופגעזעצט דיסקן אפן ראָטאָר פון א 24־טויזנטיקער טורבינע. בעשאסן ארופזעצן די דיסקן אפן וואל האָט כינייקאָ באמערקט אפן וואל עפּעס א שטויבעלע. דאָס האָט געקאָנט פארשאָטן דער קוואליטעט פונעם וואל. מיט א גיכער באוועגונג פון דער האנט האָט ער געוואָלט אראָפּשארן דאָס שטויבעלע. ער האָט אָבער ניט אויסגערעכנט, און סע האָט אים פארקלעמט די פינגער פון דער האנט צווישן צוויי דיסקן. קעדיי צו ראטעווען כינייקאָס האנט, האָט מען באדארפט פאטערן דעם וואל. כינייקאָ האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. קעדיי פּאַרזיכטיק אראָפּצונעמען די דיסקן און ניט צעפאטערן דעם וואל, האָט ער פאַרגעלייגט דעם וואל אָנגלײַען. דעם כ. כינייקאָס צעפלעטשטע האנט איז די גאנצע צײַט געלעגן צווישן ביידע דיסקן. דער ווייטעק האָט זיך נאָך מער פארשטארקט דערפון, וואָס איין דיסק האָט זיך אָנגעווארעמט. דאָס האָט אָפּגעקאָסט כינייקאָן צוויי פינגער. אָבער דער ראָטאָר איז געווען אָפּגעראטעוועט, און די טורבינע איז ארויסגעלאָזט געוואָרן צום טערמין.

אָט איז דער עלטסטער מײַסטער פון דעמזעלבן זאוואָד — טימאָפייעוו. אפן באזונדערס פאראנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון טורבינע־פּראָדוקציע — אפן פּרווו־סטאנד — האָט דער כ. טימאָפייעוו גאנצע מעסלעסנווײַז ניט פארלאָזן זײַן אָרט. בעשאסן אויספּרוון די ערשטע טורבינע פון 24 טויזנט קווט האָט דער הייסער דאמפּ, צוליב אן אומפּאַרזיכטיקן דריי פונעם רעגוליאטער, אָפּגעבריט סערגיי ניקאָלײַעוויטשן דאָס פּאָנעם און א האנט. דער דאָקטער האָט אים איבערגעבונדן און האָט געפאָדערט, ער זאָל אוועקגיין פון דער ארבעט. אָבער טימאָפייעוו האָט

זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אוועקצוגיין, ביז דער פּרווו האָט זיך ניט פאַרענדיקט.

אָט איז דער טעסלער גראָמאָוו, א בריגאַדיר, איינער פון די בויערס פונעם בערעזניקאָווער כעמישן קאָמבינאַט.

ווינטער בא א פראָסט פון 46 גראַדוס, ווען אלע אנ־דערע בריגאַדעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דעקן דעם דאַך פון דער קאָמפּרעסער־אָפּטיילונג (די הייך פון דער געביידע — 25 מעטער), האָט זיך דער כאַווער גראָמאָוו מיט זיין בריגאַדע אַרויסגערופן אָפּצוטון די דאָזיקע אַרבעט, און ער האָט זי אויס־געפילט צום טערמין.

אַזוינע מענטשן וועלן איבערמאַכן די וועלט.

---

# XIII. נ ײַ ע מ ע נ ט ש נ

## 1. אַן אױסצוג פֿון אַ בוך, װאָס װעט אָנגעשריבן װערן אין פֿופֿציק יאָר אַרום

זײ האָבן געװױנט אין ענגע געבײַדעס מיט קלײנע פֿענצטער, מיט פֿינצטערע קױטיקע קאָרידאָרן, מיט נידעריקע סטעליעס. פֿון יעדערע 5—6 מענטשן האָט אײנער באַדאַרפֿט קערן און װאַשן די פּאָלן, קאָכן, גײן נאָך פּראָדוקטן, װאַשן װעש, ביאַנטשען די קינדער. מיט זעלטענע אױסנאַמען האָבן עס געטון פֿרױען, אַזױגערופֿענע „שטוב־באַלעבאָסטעס". דעמאָלט האָט מען שױן געהאַט דערפֿונדן מעכאַנישע קאַרטאָפֿל־שײלער, מעכאַנישע פֿלײש־בראָקערס, פֿלײש־מישערס, קאָטליעטן־מאַכערס, װאָרצל־שנײַדערס, אױבסט־װאַשערס, קאָנװײערס אַף צו װאַשן געפֿעס, װאַש־באַראַבאַנען אַף גרעט װאַשן און אַנדערע מאַשינען. אָבער ניט געקוקט אַף דעם, האָבן מיליאָנען באַלע־באָסטעס נאָך אַלץ געאַרבעט מיט די הענט, ניט אָנקומענדיק צו דער הילף פֿון מאַשינען. איז דען אַ כידעש, װאָס אַרבעטנדיק צו 15—16 שאָ אַ טאָג, פֿלעגן זײ זיך פֿונדעסטװעגן מיט דער אַרבעט ניט ספּראַװען. די צימערן האָט מען אױפֿגעראָמט װי סע באַדאַרף צו זײַן סאַכאַקל צװײ מאָל אַ יאָר — ערעװ גרױסע יאָנטױװים. די קינדער זײַנען קעסײדער אַרומגעגאַן שמוציק

און אָפּגעריסן. עסן האָט מען געקאָכט ווי־אַזוי סע ניט איז, און ס׳איז געווען ניט געשמאַק און ניט נערהאַפטיק. קיין אייַ באַלעבאָסטע האָט ניט געוווּסט, וויפל ענערגיע איז פאַראַן אין א קילאָגראַם קרויט און אין א ליטער מילך. דאָס עסן האָט מען געקאָכט אין א „קיך“, ד. ה. אין א קליינעם ענגן צימער. קיינשום דאַמפּ־קעסלען אַפּ צו קאָכן עסן איז דאָ ניט געווען. דאָס עסן האָט מען געשטעלט גלייַך אַפן פייַער. האָלץ האָט מען אויסגעבראַכט אַפן קאָכן אָן א שיר, — דעמאָלט האָט מען נאָך געברענט האָלץ. דאָס עסן פלעג צוגעברענט ווערן, איבער אַלע צימערן האָט זיך צעטראָגן א שטיקנדיקער טשאַד. דאָ טאַקע אין קיך האָט זיך געפונען אַן עמער פאַר אָפּפאַלן פון דער פּראָדוקציע: קאַרטאָפליע־שאָלעכץ, ווײַדעלעך פון הערינג, ביינער א. אז. וו. דאָס אַלץ האָט פאַרסאַמט די לופט, און ערשט צום סאָף טאָג פלעגט מען די אָפּפאַלן אַרויסטראָגן פון שטוב און אַרויסוואַרפן אין א גרויסער, שלעכט צוגעדעקטער גרוב. וועגן דעם, אַז מע זאָל זיי איבעראַרבעטן אַפּ קליי, באַגיטיקונג א. ד. גל., האָט קיינער קימאַט ניט געקלערט.

יעדער צימער אין שטוב האָט מען באַהייצט באַזונדער. הייַזער מיט צענטראַלער באַהייצונג איז געווען זייער ווייניק. אין די פאַרייניקטע שטאַטן איז נאָך אין 1930 יאָר געווען 30 מיליאָן קאַמינען און אויוונס. די־דאָזיקע אַלע אויוונס האָבן אויסגעבראַכט אָן א שיר הייצונג.

מעבל איז אין די צימערן געווען שווערס, גרויס, ניט קיין באַקוועמס. פון גרינג מעטאַלן מעבל האָט מען דעמאָלט קימאַט ווי ניט געוווּסט. פאַרן בעסטן מעבל האָט זיך גערעכנט ווייכס, ד. ה. אַזאַ, וואָס איז געדעקט מיט צייַג און אָנגעקלאַפּט מיט האָר אָדער סטרוזשקעס. ס׳איז געווען גענוג א קלאַפּ צו

טון פונדערגרינג אין געזעס פון א שטול, אז מע זאָל ארויס־
קלאפן פונדאָרטן א גאנצן וואָלקן שטויב. אפן פאָל האָט מען
געשפּריים שטיקער גראָב געוועב. אף די ווענט האָט מען צעהאנ־
גען פּאָלעצקעלעך און בילדער. די פענצטער, וואָס זיינען אזוי
אויך געווען קליין, האָט מען פארהאנגען מיט געוועב, וועלכע האָט
שלעכט דורכגעלאָזט די שיין. דאָס אלץ האָט מען געטון אזויהו־
אומיסטן אף צו זאמלען שטויב, כאָטש מע האָט שוין דעמאָלט
גוט געוווּסט, אז שטויב — דאָס איז א קוואל פון אָנשטעקונג.
באטראכטנדיק דעם שטויב אונטערן מיקראָסקאָפּ, האָט מען אין
אים געפונען מיקראָבן פון פארשיידנערליי שלאפקייטן, שטי־
קעלעך פון שמוציקער מענטשלעכער הויט, פּיצלעך אָנטון
א. אז. וו., און פונדעסטוועגן איז קיינעם ניט איינגעפאלן אין קאָפּ
ארייַן, אז שטויב — דאָס איז א געזעלשאפטלעכע פּלאָג, וואָס
איז ניט ווייניקער שרעקלעך, ווי א פארפּלייצונג אָדער א סרייפע.

די הייַזער, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט מענטשן, זיינען לאכ־
לוטן ניט געווען צוגעפּאסט פאר אָפּרו נאָך דער ארבעט. טאקע
דאָ אין דער איינער דירע האָט מען געלייענט, געקאָכט, געגרייט
לימודים, געוואשן וועש, אופגענומען געסט, געניאנטשעט די
קינדער. מענטשן פלעגן קומען פון דער ארבעט מידע און האָבן
ניט געקענט ווי סע קער צו זיין אָפּרוען און אָנעמען זיך
מיט קויכעס און פרישקייט אפן מאָרגעדיקן טאָג.

די קינדער פלעגן אין דער מערהייט פאמיליעס בלייבן
א גאנצן טאָג אָן אן אופזיכט, דערפאר וואָס די מוטערס זיינען
געווען פארנומען אף דער ארבעט אָדער מיט שטוב־זאכן. אין
יעדן גרויסן הויז איז געווען א הויף — עפּעס א מין קרענעצע
צווישן פיר שטיינערנע ווענט. אין הויף איז געווייַנלעך געווען
א גרוב פאר די קיך־אָפּפאלן. און דאָ טאקע האָבן זיך געשפּילט

און פארבראכט קינדער, אין דעמדאָזיקן פינצטערן אָרט, אָן ביימער, אָן גרינס.

נאָך ערגער האָבן געלעבט די מענטשן אין דאָרף. איינער א שרייבער און פאָליטישער טוער פון אָנהייב XX יאָרהונ־דערט שרייבט:

„די גרעסטע טייל שטיבלעך פארנעמט 6×7 ארשין. אין א שטוב וווינען דורכשניטלעך אנערעך צו זיבן מענטשן. ס׳זיינען אָבער פאראן הייזלעך־שטייגלעך, וואָס האלטן אינגאנצן 16 קוואדראט־ארשין. אין אזא שטוב פארנעמט דער אויוון בא א פינפטכיילעך פונעם גאנצן פארנעם פון דער לופט. דער אויוון שפּילט א קאָלאָסאלע ראָלע אינעם היימישן לעבן פון דער גאנצער פאמיליע, אפילע פון דער ווירטשאפט. ניט נאָר מע וואַרעמט זיך און מע שלאָפט אפן אויוון, נאָר מע טריקנט אויך דאָס אָנטון, די שיך, די טוווע, דעם פלאקס; ניט נאָר מע באקט און מע קאָכט אין אים, נאָר מע פארעט זיך אויך, ווי אין א באָד. און אונטער אים באהאלטן זיך ווינ־טער־צייט פון די פרעסט הינער, קעלבלעך, שאָף מיט שעפּעלעך. ניט זעלטן פירט מען אויך ארײַן אין שטוב ארײַן די קו פארן קעלבן זיך. קימאט דאָס אייציקע מעבל — דער טיש דינט ניט נאָר צום עסן, נאָר אויך אף צו גרייטן דאָס עסן. אף אים טוט מען פארשיידנערליי שטוב־ארבעט, מע פאריכט דעם פערד־געשפּאן, מע נייט אייבערשט אָנטון, וועש. ניט זעלטן קען מען הערן פון די פויערים: „שוין אזוי אָרעם, אז אפילע קיין טאראקאנעס איז נישטאָ, ניטאָ מיט וואָס צו האָדעווען“.

אזוי האָבן געוווינט מיליאָנען מענטשן. און וווּנדערלעך איז ניט וואָס זיי האָבן געלעבט, נאָר דאָס, וואָס זיי פלעגן ניט אויסשטארבן.

## 2. נײַע לעבנ אונ נײַע מענטשנ.

דאָס אלצ וועט מענ שרײַבנ וועגנ אונדז אינ עטלעכע צענדליק יאָר ארומ.

מיר לעבנ שלעכט, ניט קלוג. מיר מאכנ איבער אונ בויענ איבער די נאטור, אונ אונדזער אײגנ לעבנ האָבנ מיר נאָכ ניט איבערגעמאכט. אונ דאָס איז דאָכ דאָס סאמע וויכטיקסטע. צוליב וואָס האָבנ מיר פירגענומענ דידאָזיקע ריזיקע ארבעט, וואָס וועט געדויערנ ניט קײנ פינפיאָר, נאָר פופצנ, צוואנציק אונ אפילע מערער יאָר? צוליב וואָס באקומענ מיר ארויס מיליאָנענ טאָנ קוילנ אונ ארצ, בויענ מיר מיליאָנענ מאשינעס? דענ נאָר צוליב דעמ, אז מיר זאָלנ איבערמאכנ די נאטור?

נײנ, מיר מאכנ איבער די נאטור צוליב דעמ, ס׳זאָל אונדז, מענטשנ, זײַנ בעסער צו לעבנ.

שוינ אינ 1931 יאָר וועלנ קימאט אלע זאוואָדנ אריבערגײנ אפ א זיבנשאָיקנ ארבעטסטאָג.

די ארבעטער וועלנ ארבעטנ וױנציקער, אונ באוויַזנ וועלנ זײ מערער. פאר זיבנ שאָ וועט דער ארבעטער אפ דער פאבריק באוויַזנ אָפּטונ אזויפיל, וויפל ער טוט איצטער אָפּ פאר עלפ מיט א האלבער שאָ.

אונ וויבאלד אזוי, וועט מענ קענענ אויכ דעמ ארבעט־לוינ פארגרעסערנ, אונ ער וועט טאקע פארגרעסערט ווערנ מער ווי אינ אנדערהאלבנ מאָל.

אינ פארגלײַכ מיט דעמ, וואָס ס׳איז געווענ ביז דער רעוואָליוציע, וועט יעדער ארבעטער ארבעטנ אינ א טאָג מיט דרײַ שאָ ווייניקער, אונ באקומענ וועט ער צוויי מאָל מער איידער דעמאָלט.

אָבער דאָס איז נאָך ווייניק. די ארבעט וועט ווערן גרינגער. איינגעהויקערטע פלייצעס, אָנגעשטרענגטע מוסקולן, אָנגעבלאָזענע אָדערן אפּן שטערן — דאָס וועט מער ניט זײַן. מאַסאָעס וועלן ארומפּאָרן ניט אף קיין מענטשלעכע פלייצעס, נאָר אף קאָנווייערס. דער שווערער ברעך־אײַזן און די קירקע וועלן אָפּטרעטן דאָס אָרט דעם פּנעוומאטישן העמערל, דער צונויפגעפּרעסטער לופט.

אָנשטאָט טונקעלע און פינצטערע ווארשטאטן מיט פארלאָפענע גלעזערנע פלעקן פון לעמפּעלעך וועלן זײַן ליכטיקע און ציכטיקע זאלן מיט גרויסע פענצטער, מיט א געפּוצטן פארקעטפּאָל. ניט די לונגען פון די ארבעטער, נאָר שטארקע ווענטיליאטערס וועלן שלינגען און אויסזויגן פונעם ווארשטאט דעם שטויב, די סטרוזשקעס, דאָס זעגעכץ. ווייניקער וועלן די ארבעטער מיד ווערן פון דער ארבעט, ווייניקער שלאָפּקײַטן וועט זײַן. ווארום וויפל מענטשן קומען איצטער אום פון „פּראָפעס־אָנעלנע" קרענק! בא יעדער מעטאליסט האָט דער שטויב אויסגעגעסן די לונגען. מע קען גלײַך דערקענען א שלאָסער אינעם בלייכן פּאָנעם, א קאָטשעגאר — אין די רויטע אָנגעצונדענע אויגן.

אז מיר וועלן אויסבויען דעם סאָציאליזם, וועלן בא אלעמען זײַן אלציינ געזונטע פּענימער. מענטשן וועלן אופהערן צו רעכענען די ארבעט פאר א שטראָף, פאר א שווערן כויוו. ארבעטן וועט זײַן גרינג און פריילעך.

אָבער וויבאלד די ארבעט וועט זײַן א פרייד, דארף דאָך דער אָפּרו אוואדע זײַן א פרייד.

מע קען דען אָפּרוען, ווען אינדערהיים איז א ענגשאפט, א טומל, א ראש, א זשומערײַ פונעם פּרימוס, א טשאד פון קיך,

נאסע ווינדעלעך אף שטריקלעך, פארהויכטע פענצטער, פארשפּי־גענע פּאָלן, שמוציק מעבל, ניט קיין געוואשן געפעס אפן טיש

א מענטש האָט דאָך ניט נאָר מוסקולן אף צו ארבעטן. א מענטש איז ניט קיין מאשין. ער האָט א פארשטאנד, וועלכער וויל וויסן. ער האָט אויגן, וואָס ווילן זען. אויערן, וואָס ווילן הערן. א האלדז, וואָס וויל זינגען. פיס, וואָס ווילן שפּרינגען און לויפן, הענט, וואָס ווילן רודערן, שווימען, ווארפן, כאפּן. און מע דארף אזוי איינאָרדענען דאָס לעבן, אז ניט קיין באַ־זונדערע אויסדערוויילטע, נאָר אלע זאָלן קענען אלציינס זיך פרייען און געניסן פונעם לעבן.

אז מיר וועלן אויסבויען דעם סאָציאַליזם, וועט ניט זיין קיין מענטשן—קארליקעס, קיין אויסגעמאָגערטע, בלייכע, וואָס זיי־נען אויסגעוואָקסן אין קעלערס, אָן זון, אָן לופט. געזונטע, שטארקע ריזן, מיט רויטע באקן, פריילעכע—אָט וואָס פאר א מינע מענטשן ס׳וועלן קומען אונדז אף א פארבייט.

אָבער צוליב דעם זיינען נייטיק נייע שטעט, נייע הייזער, דאָס גאנצע לעבן דארף מען איבערמאכן—ביזן לעצטן קיכ־טעפּל.

נידער מיט דער קיך! לאָמיר פארניכטן דידאָזיקע קליינע שטוב־קאטאָרגע! לאָמיר באפרייען פון שטוב־ארבעט די מיליאָ־נען פרויען. זיי ווילן דאָך אויך לעבן און ארבעטן ווי אלע. אף דער פאבריק־קיך קען איין מענטש צוגרייטן פאר א טאָג 50—100 אָנבייסנס. מיר וועלן צווינגען די מאשינעס שיילן קאר־טאָפל, וואשן געפעס, שניידן ברויט, מישן באָרשטש, דרייען די מאשינקע מיט אייז־קרעם.

נידער מיט די ענגע, פינצטערע און קליינינקע דירעלעך! לאָמיר אויסבויען גרויסע הייזער—קאָמונעס מיט גראָמע,

ליכטיקע צימערן. לאָמיר פארשטייַן סאָפּקאָלסאָפּ, אז מע טאָר דאָך ניט אין אייַן און דעמזעלבן אָרט רוען, ארבעטן, עסן, גרייטן עסן, אופּנעמען געסט. סע דארפן זייַן באַזונדערע צי־מערן אפ אָפּרוען, אפ שפּילן, אפ לייענען, אפ עסן, אפ אופּ־נעמען געסט. סע דארפן זייַן באַזונדערע צימערן פאר קינדער. דערוואַקסענע קלאָגן זיך אָפּט, אז די קינדער שטערן זיי שלאָפן, לערנען, שמועסן. זאָלן אָבער די דערוואַקסענע אויך ניט שטערן די קינדער צו שפּילן זיך, ארומלויפן, טומלען.

און אַזעלכע הייַזער זייַנען שוין דאָ בא אונדז.

אָט שרייַבט די צייַטונג „פּראַוודא", אז אין מאָסקווע אפ דער כאַווסקער גאַס האָט מען אויסגעבויט ניט לאַנג א „הויז — קאָמונע".

דאָס איז א גרויסער מויער. אפן ערשטן שטאָק — א גראָמער ליכטיקער עסצימער. מיט א שטאָק העכער — א זאַל מיט א גאַלעריייע און מיט באַלקאָנעס פאר לעקציעס, אָוונטן, ספּעקטאַקלען און קינאָ. בא דער זייַט פון זאַל — צימערן פאר קרייַזלעך, ביבליאָטעקן, פאר ראַשיקן און פאר שטילן אָפּרו, אפ אופּצונעמען געסט. אפן דריטן שטאָק — זאַלן פאר ספּאָרט, פאר פיזקולטור. דער זאַל איז א פלאַטשיקער. אפן דאַך וועט מען מאַכן בלומען־בייטן, צעשטעלן בענק. זומער וועט מען דאָ רוען, מאַכן זיך זון־וואַנעס און דושן. און ווינטער וועט דאָ זייַן א גליטש, און פריילעכע גליטשלויפערס וועלן צייכענען ציקן אפן אייַז הויך איבער די מאָסקווער גאַסן.

פאר קינדער — א לאַנגע שורע צימערן אפן ערשטן שטאָק. דאָ זייַנען פאראַן אי שפּיל־צימערן (טומל וויפל דו ווילסט!), אי קלאַסן, אי וואַרשטאַטן, אי ווערעאַנדעס.

אַלע צימערן אין הויז זייַנען ליכטיקע, פריילעכע.

די קאָלירן זײַנען אונטערגעקליבן אַזוי, זיי זאָלן פרייען, און אין דערזעלבער צײַט זאָלן זיי ניט אײַנמידן, ניט שנײַדן דאָס אויג.

אָבער ניט בלויז נײַע הײַזער דאַרפן מיר, מיר דאַרפן האָבן אויך נײַע סאָציאַליסטישע שטעט.

אַן אַלטע שטאָט — דאָס איז אַ גרויסע קופּע אומעטיקע און ענגע הײַזער, אַ טרויעריקע וועלט פון שטיינערנע ווענט, שטיינערנע פּליטעס און ברוק־שטיינער. בלויז ערגעץ־ווו אין צענטער — אינדזלען פון סקווערן. אָבער וואָס ווײַטער פון דער מיט שטאָט, צו די אַרבעטער־ראַיאָנען, אַלץ שמוציקער און טרויעריקער זײַנען די גאַסן. גוט איז נאָר יענע, וואָס קענען כאָטש איינמאָל אין יאָר זיך אַרויסקלײַבן פון דעמדאָזיקן שטיינערנעם גענעם. ס׳זײַנען אָבער פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרלאָזן קיינמאָל ניט די שטאָט.

אַ קיך־פאַבריק. סע קאָכט זיך אַ זופּ אין גרויסע קעסלען. די קעסלען וואַרעמען זיך מיט דאַמפּ. די ערשטע מאָסקווער קיך־פאַבריק גיט אַרויס אין אַ טאָג 12 טויזנט וואַרעמעסן. אינעם פינפיאָריקן פּלאַן פּראָעקטירט זיך אויסבויען אַ קיך־פאַבריק, וואָס זאָל אַרויסגעבן 50—60 טויזנט וואַרעמעסן אַ טאָג.



איך געדענק, ווי בא אונדז אין קלאס האָט מען געלאכט פון א יינגל, וואָס האָט קיינמאָל ניט געזעען קיין שאָף. דאָסדאָזיקע יינגל איז געבוירן געוואָרן, אויסגעוואָקסן און געשטאָרבן אפ בּאָראָווער גאס. אים איז קיין איינמאָל ניט אויסגעקומען צו זיין ניט אין וואלד, ניט אין פעלד.

נידער מיט די נימעסע אלטע שטעט! ווי ריזיקע לישייעס זיינען זיי געוואָקסן און זיינען זיך צעקראָכן איבערן ערד־קיילעך. איבערמאכן זיי, איבערבויען, אויסבויען נייע סאָציאַ־ליסטישע שטעט!

די סאָציאַליסטישע שטאָט — דאָס וועט זיין גאָר ניט די שטאָט, וואָס מיר קענען איצטער.

## 3. די שטאָט פון דער צוקונפט

וויאַזוי האָט זיך געבויט די אלטע שטאָט? אין צענטער שטאָט — א פעסטונג, א קרעמל, א באַפעסטיקטע נעסט.

ארום דעם קרעמל — א רינג מערק, קלייטן און ווארשטאטן, דער האנדל־טייל און דער באלמעלאָכישער. און אז מ'האָט אָנגעהויבּן בויען פאבריקן, האָט מען ארומגעגארטלט די שטאָט מיט א דריטן רינג — מיט פאבריקן. און צווישן דידאָזיקע קלייטן, מערק און פאבריקן — וווינהייזער, בעסערע אין צענטער, ערגערע אין די פאָרשטעט.

די נייע שטאָט וועט זיך בויען ניט אזוי. דאָס הארץ פון דער נייער שטאָט איז ניט קיין פעסטונג און ניט קיין מארק, נאָר א זאוואָד אָדער אן עלעקטראָסטאנציע. לעבן יעדער גרויסער עלעקטראָסטאנציע, לעבן יעדער גרויסער פאבריק אָדער פארבאנד פון פאבריקן וואקסט אויס א שטאָט.



אנ ארבעטער־קלוב.

ניט קיינ פעסטונג־וואנט מיט שיס־לעכער אונ טורעמ־שפּיצנ, נאָר א גרינע וואנט פונ פּארקנ וועט אָפּטיילנ דאָס הארצ פונ דער שטאָט—די פאבריק — פונ די וווינ־קווארטאלנ. דידאָזיקע גרינע וואנט וועט באשיצנ די שטאָט פונ רויכ אונ סאזשע פונ די פאבריק־קוימענס.

אונ די קווארטאלנ גופע וועלנ זיינ גאָר אנדערע.

די הייזער וועלנ ניט שטיינ ווי די סאָלדאטנ, אלע מיטנ פּאָנעמ אינ איינ זייט. יעדער מויער וועט זיכ אויסקערעווענ צו דער זונ, ער זאָל קענענ נעמענ בא דער זונ וואָס מערער שטראלנ.

קיין שום הויפן, קיין שום פארקנס און שטאכעטן. די הײַזער וועלן שטיין אין פארקן. צו יעדער ארײַנגאנג וועלן אײַך באגלייטן גרינע ריזן — סאָסנעס, ליפּעס, דעמבעס.

א פריילעך געזאנג פון פייגל און א רויִק, דערפרישנדיק קאָל פון ביימער — אָט וואָס איר וועט הערן אפּ די גאסן פון דער שטאָט אָנשטאָט דעם ראַש, דער קלינגערײַ און טראַסקערײַ.

אפּ די גאסן וועט ניט זײַן דידאָזיקע געשעפּטלעכע צעטראָגנקײַט, דאָס אײַנמידנדיקע ארומשמײַען, וועלכע האָט זיך אונדז, אײַנווינער פון דער שטאָט, אזוי דערעסן.

די אנשטאלטן וועלן זיך געפינען ווײַט פון די וווינונגען. דאָרט, ווו מענטשן ווינען, דארף זײַן שטיל און רויִק.

און די באוועגונג אפּ די גאסן וועט זײַן א קלענערע, ס'וועלן ניט זײַן אזוינע קאָלאָסאלע שטעט, ווי אצינד.

הונדערט טויזנט אײַנוווינער אין א שטאָט — דאָס וועט שוין זײַן אסאך.

יעדער צוקונפטיקע שטאָט — דאָס איז אן ארבעטער-יִישעוו בא א קאָמבינאט אָדער זאוואָד, און די זאוואָדן מיט די פאַרבאנדן פון זאוואָדן וועלן ניט זײַן אלע אינײינעם, זיי וועלן זײַן פאנאנדערגעטײילט איבערן גאנצן לאנד. דאָס רויוואַרג איז דאָך בא אונדז אויך ניט אין איין אָרט, נאָר אין טויזנט ערטער.

אזוי וועט זיך בויען די שטאָט.

און וואָס־זשע וועט זײַן מיטן דאָרף?

קיין דערפער וועט ניט זײַן. ברויט, פלייש, מילך וועלן מיר ארויסבאקומען אפּ די פאבריקן — אין די ראטווירטן און קאָלווירטן. לעבן יעדער אזא לאנדווירטשאפטלעכער פאבריק וועט מען בויען אויך אנדערע פאבריקן—שפּײַז־פאבריקן, קאָנסערוונ־

פאבריקן, מילן, שעכט־הײַזער, קעלטערס. דאָס וועט אויך זײַן א פארבאנד פון זאוואָדן, אויך א קאָמבינאט, אָבער ניט קיין אינדוסטריעלער, נאָר אן ערדארבעטערישער. און לעבן יעדער קאָמבינאט אזא וועט אויך אופקומען א שטאָט — א לאנדווירט־שאפטלעכע שטאָט. קומט אויס, אז ס׳וועט ניט זײַן קיין אונטערשייד צווישן א שטאָט און א דאָרף, צווישן א פויער און אן ארבעטער. און אפילע דידאָזיקע ווערטער — פויער און ארבעטער — וועלן פארשווינדן.

ס׳וועט נאָר בלײַבן דאָס וואָרט: ארבעטנדיקער.

דאָס וועט זײַן, ווען מיר וועלן אויסבויען דעם סאָציאליזם. אָבער שוין אין דעם פינפיאָר בויען מיר בא 200 סאָציאליסטישע שטעט, טויזנטער הײַזער — קאָמונעס. ס׳וועט שוין פארווישט דער אונטערשייד צווישן שטאָט און דאָרף.

די סאָציאליסטישע אָרדענונג איז שוין ניט קיין טרוים, ניט קיין פאנטאזיע. מיר אליין בויען זי.

## 4. קאמף און ארבעט

אָבער דאָס איז ניט קיין גרינגע אופגאבע — אויסבויען סאָציאליזם. מענטשן האָבן זיך נאָך קיינמאָל ביז אהער ניט גענומען פאר אזא גרויסער ארבעט. דעריבער טאקע הערט זיך צו די גאנצע וועלט מיט אזא שפאנונג צו דעם, וואָס סע קומט פאָר בא אונדז.

ס׳הערן זיך צו סײַ די ארבעטער, סײַ די קאפיטאליסטן, נאָר זיי הערן אָבער פארשיידן.

די ארבעטער הערן און פארשטייען, אז פ ס ר ר איז א לאנד, ווו זייערע כאווײרים האָבן צום ערשטן מאָל אופגעהערט צו

זײַנ לעבעדיקע מאשינעס. די ארבעטער לײענען צײַטונגען, לײענען װעגן דעם פּינפּיאָר, װעגן דער גראַנדיעזער בױונג, װאָס גײט בּא אונדז. און דיזעלבּע צײַטונגען דערצײלן זײ אױך װעגן דעם, װאָס סע טוט זיך בּא זײ,—װעגן פארמאכטע פאַ־בּריקן, װעגן פארלאָזטע שאכטעס, װוּ סע הוליעט די װאסער, װעגן מיליאָנען ארבעטלאָזע.

די דײַטשישע צײַטונג „די נײַע רונדשױ" שרײַבּט:

„אינ די מוּיכעס פונ טױזנטער מענטשן איז אופגעקומען א פראגע, צי האָט נאָך די קאפּיטאליסטישע סיסטעם װאָסער ניט איז רעכט אפ עקזיסטענץ".

ניט קײנ טױזנטער, נאָר מיליאָנען מענטשן הײבּנ אָנ צו פארשטײן, אז די קאפּיטאליסטן האָבּנ פארפלאָנטערט און פארלאָזט די װעלט־װירטשאפט, אז ס'איז שוינ צײַט די ארבּע־טער זאָלן אלײנ װערנ די בּאלעבּאטים פונ די פאבּריקן און פונ דער ערד, װי ס'האָבּנ עס געטונ זײערע כאװײרים אינ פּסרר.

און די קאפּיטאליסטן הערנ זיך אױך צו צו דעם, װאָס סע טוט זיך בּא אונדז. זײ הערנ און פארשטײען, אז סע קומט א סאָפ צו זײער סיסטעם. זײ װײסנ אָבּער, אז זײער סיסטעם איז דערװײַל נאָך שטארק, און זײ װילנ זיך ניט אונטערגעבּנ אָנ א קאמפּ.

דאָס אלטע קעמפּט מיטן נײַעם, דאָס פארגאנגענע מיטנ צוקונפטיקן. און אָט דעריבּער טאקע איז אזױ שװער צו בּױען דעם סאָציאליזם. װען מע זאָל דארפנ נאָר בּױען, װאָלט געװענ גרינגער. נאָר צוזאמענ מיט דער ארבּעט גײט אױך א קאמפּ. די אױסלענדישע קאפּיטאליסטן גרײטנ זיך אינ אײַלעניש צו אנ אָנפאל אפ אונדז, זײ אָרגאניזירנ פארשװערונגען, שאפנ

אָטריאַדן שעדיקער אַפ די סאָוועטישע זאַוואָדן און שאַכטעס. אַרבעטנדיק אַפ די זאַוואָדן און שאַכטעס, האָבן די אָטריאַדן שעדיקער אין דער ווירקלעכקײַט ניט געאַרבעט, נאָר זיי האָבן געשטערט צו אַרבעטן — זיי האָבן קאַלי געמאַכט מאַשינעס, פאַרטרונקען שאַכטעס, געשטעלט שלעכטע מאַשינעס. געענ־דיקט האָט זיך עס באַ זיי מיט א דורכפאַל: די אַרבעטער האָבן אופגעדעקט אָט די אַלע שעדיקער. דעמאָלט האָבן די שעדי־קער־אָרגאַניזאַציעס איבערגעטראָגן זייער צעשטער־אַרבעט אין דעם מעלוכע־פּלאַן. דער כעשבן איז באַ זיי געווען אַזאַ: דאָס לאַנד אַרבעט מיט א פּלאַן, איז אויב מע וועט צונויפ־שטעלן א ניט־ריכטיקן פּלאַן, וועט די גאַנצע זאַך אַרונטערגע־ריסן ווערן, דער פינפיאָר וועט ניט אויסגעפילט ווערן, און דעמאָלט וועלן די אויסלענדישע מעלוכעס גרינגער קענען אײַנעמען אונדזער לאַנד.

דידאָזיקע פאַרשווערונג האָט מען אופגעדעקט. די אימפּע־ריאַליסטן האָבן געמוזט אָפּלייגן זייער אָנפאַל אַפן ראַטנפאַר־באַנד. אָבער די געפאַר פון מילכאָמע איז נאָך ניט איבערגע־גאַנגען.

פון אַלע זײַטן זײַנען מיר אַרומגערינגלט מיט סאָנים.

אַזויווי די בויערס פון דניעפּערבוי, אַזוי האָבן מיר זיך אָפּ־געגרויזעט מיט שיידוועגנט. יעדער מינוט קען דאָס וואַסער דורכרײַסן די שיידוועגנט, זיך א ריס טון אינעם קעסלגרוב, אומוואַרפן, פאַרטרינקען אַלץ, וואָס מיר האָבן אויסגעבויט.

און דערפאַר טאַקע גייט אַזוי אײַליק, אַזוי אָנגעשטרענגט די אַרבעט. וואָס גיכער דאַרף מען אופשטעלן די שטײַ־נערנע פעסטונגען פון זאַוואָדן און פאַבריקן. וואָס גיכער — די צײַט שטייט ניט!

אויב מע זאָל זיך נעמ טוג, קאָנ מענ דאָס פינפיאָר אויספילנ ניט אינ קיינ פינפ, נאָר אינ פיר יאָר, אונ אפילע גיכער.

דעמ פינפיאָר פונ נאפט האָבנ מיר שוינ פארענדיקט. דער פינפיאָר פונ מאשינעס, לאָקאָמאָטיווג, טראקטערס, אווטאָמאָבילנ דארפ אויסגעפילט ווערנ קימאט אינ $2\frac{1}{2}$ יאָר. דער פינפיאָר פונ קוילנ, טאָרפ, צוקער, עלעקטראָענערגיע דארפ אויסגעפילט ווערנ אינ 3 יאָר.

מיר האָבנ געוואָלט פארגרעסערנ דאָס אויסארבעטנ מאשינעס פאר די פינפ יאָר אינ דרײַ מיט א האלבנ מאָל, אונ פארגרעסערנ וועלנ מיר אינ אכט מאָל. מיר האָבנ געוואָלט דערפירנ דעמ ארויסבאקומ פונ קוילנ ביז 10 מילִיאָנ טאָנ א יאָר, אונ דערפירנ וועלנ מיר אימ ביז 17 מילִיאָנ.

דעמ ארויסבאקומ פונ קוילנ וועלנ מיר דערפירנ ניט ביז 75 מילִיאָנ טאָנ, נאָר ביז 125 מילִיאָנ. דעמ ארויסבאקומ פונ נאפט ניט ביז 26 מיליאָנ טאָנ, נאָר ביז 40 מיליאָנ.

אלע ציפערנ זײַנענ אויסגעוואָקסנ, אלע פארגעבונגענ זײַנענ פארגרעסערט געוואָרנ. אלע טאָג טרײַבנ די צײַטונגענ אונטער די אָפשטייענדיקע. אפ יעדער זאוואָד ארבעטנ שלאָג־בריגאדעס, איינ זאוואָד שיקט דעמ צווייטנ זאוואָד אנ ארויסרופ: ווער גיכער, ווער בעסער!

עס גייט דאָס דריטע אנטשיידנדיקע יאָר פונעמ פינפיאָר אונטער דער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, פאָלגנדיק איר גענעראלע ליניע, פארענדיקנ די ארבעטנדיקע פונ פסר״ר דעמ פונדאמענט פונ סאָציאליזמ. דאָס יאָר לאָזט מענ נײַע 518 זאוואָדנ. סע אָנהייבנ אָנ ארבעטנ דער קוזנעצקער, דער מאגניטאָגאָרסקער, דער כארקאָווער (טראקטערס) אונ אסאך אנדערע זאוואָדנ. העכער האלב פונ אלע

אונדזערע פעלדער ווערן באארבעט ניט דורך קיינ איינ־צעלנע ווירטשאפטן, נאָר דורך ראַטווירטן און קאָלווירטן. די צאָל מאשינטראקטער־סטאנציעס דערגרייכט ביז 1040.

מיליאָנען ארבעטער שלאָגן זיך פאר דעם, מע זאָל דערפאָל־גרייכן אויספילן דאָס פינפיאָר; בא אלעמען איז א האָפענונג: דערנאָך וועט זיין בעסער.

יאָ, דערנאָך וועט זיין בעסער, אויב מיר וועלן עס וועלן.

## 5. זאוואָדן אפ איבערצוארבעטן מענטשן

מיר האָבן פירגענומען א גרויסע ארבעט. פאר דער אָ אר־בעט וועלן מיר דארפן האָבן זייער אסאך טשוהון, קוילן, אייזן, שטאָל און אנדערע מאטעריאלן. דידאָזיקע מאטעריאלן וועלן מיר ארויסבאקומען, רויווארג פארמאָגן מיר.

מע מוז אָבער האָבן נאָך איינ מאטעריאל, דעם סאמע ווערט־פולן. וואָס וויטער, אלץ מערער גרובנס האָבן מיר, מערער עלעקטראָסטאנציעס, אייזנבאנען, טווויע־פאבריקן. פאר די אלע פאבריקן וועט מען דארפן האָבן מענטשן. מענטשן איז דאָ אסאך בא אונדז אינ לאנד. אָבער קעדיי אויספילן דעם פלאן, דארף מען האָבן ניט אבי וואָסערע מענטשן, נאָר מענטשן, וואָס זיי־נען איבערגעגעבן דער זאך פון סאָציאליזם.

מיר האָבן אזוינע מענטשן?

מיליאָנער האָבן מיר.

בלויז שלאָגלערס פארמאָגן מיר צוויי מיליאָן, און די צאָל ווערט וואקסט פון טאָג צו טאָג.

אָבער בלויז איבערגעגעבנקייט צו דער זאך איז ווייניק, מע דארף נאָך קענען די זאך. מיר דארפן האָבן ניט פּאָשעט קיינ

שלאָגלערס, נאָר שלאָגלערס, וואָס קענען זיך באַגיין מיט מאַ־שינעס. צוליב דעם, אַז מיר זאָלן אויספילן דאָס פינפיאָר אין פיר און אַפילע אין דריַ יאָר, אַז מיר זאָלן גיין פאָרויס מיטן סאַמע גיכן גאַנג, מוזן מיר דאָך האָבן די ניַיסטע, די בעסטע מאַשינעס.

אויב מע וועט באַ אַזאַ מאַשין אַוועקשטעלן אַ מענטשן, וואָס פאַרשטייט זי ניט, וועט די מאַשין צעבראָכן ווערן און אַרויספאַלן פון באַנוץ אין דער סאַמע קירצסטער צייַט. און יעדער בראָך פאַרהאַלט, ריַיסט אונטער די אַרבעט.

אָט האָט איר, אַשטייגער, דעם סטאַלינגראַדער טראַקטער־זאַוואָד. אין דעמדאָזיקן זאַוואָד איז פאַראַנען ניט ווינציק הייסע מענטשן, וואָס זיַינען איבערגעגעבן דער זאַך. מאַשינעס — סאַ־מע די בעסטע. און פונדעסטוועגן איז דער זאַוואָד ערשט ניט לאַנג שטאַרק אָפּגעשטאַנען, אַלע טאָג האָט זיך עפּעס צעבראָכן. די סיבע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער גרעסטער טייל אַרבעטער האָט ניט געקענט די ווערקסטעטן, האָט נאָך ניט גע־קאָנט אַרבעטן אויף זיי.

הייסט עס, אָט ווו סע שטעקט די סאַמע גרעסטע שוועריַ־קייַט: מע דאַרף באַצייַטנס צוגרייטן אַ גענוגנדיקע צאָל מענטשן. אויב מירן עס ניט טון, וועלן מיר ניט קאָנען לאָזן די זאַוואָדן, וואָס מירן אויסבויען. די בויערס פונעם פינפיאָר דאַרפן באַהערשן די טעכניק, דאַרפן באַהערשן די וויסנשאַפט. מיר דאַרפן האָבן זאַוואָדן אויף איבערצואַרבעטן מענטשן.—שולן, הויכשולן, ביבליאָטעקן. דאָסדאָזיקע בעסערע לעבן, וואָס מיר ווילן עס, וועט דאָך ניט קומען ווי אַ נעס, מיר מוזן עס שאַפן. אָבער צוליב דעם דאַרפן מיר האָבן קענטענישן — ניט בלויז געזונטע הענט, נאָר אויך אַ געזונטן פאַרשטאַנד.

## 6. דאָס קליינע פּינפּיאָר און דאָס גרויסע פּינפּיאָר

איר זאָלט ניט מיינען, אז דאָס פּינפּיאָר איז א זאך פאר דערוואקסענע.

יעדער איינציקער פון אייך קאָן זיין א בויער פונעם פּינפּיאָר.

אָבער וויאזוי? פאראן פארשיידענע וועגן. אפן זאוואָד אין נאָמען פון קארל מארקס האָט איין ווערסטעט געגעבן אסאך בראק, באַם ווערסטעט זיינען זיך צונויפגעקומען אפ א באראַטונג פּיאָנערן, און ס'איז ארויסגעטראָגן געוואָרן א באשלוס: נעמען שעפסטום איבערן ווערסטעט — רעגולער רייניקן, שמירן און אכטונג געבן, אז מע זאָל דעם ווערסטעט רעמאָנטירן צו דער צייט. דעם באשלוס האָט מען אויסגעפילט. דער ווערסטעט האָט אָנגעהויבן ארבעטן אָן איבערשלאָגן און אָן בראק.

די פּיאָנערן פונעם „קראסני טרעוגאָלניק" האָבן צונויפגעזאמלט 575 זעק אפ צו פאקעווען אלטן גומי.

די פּיאָנערן פון דער טריאָכגאָרנער מאנופאקטור האָבן דורכגעפירט א זאמלונג פון ארבעטער־פאָרשלאגן און דערפינדונגען. זיי האָבן צונויפגעקליבן 200 פאָרשלאגן.

די פּיאָנערן פון סאָרמאָווער באזע האָבן געפוילט בא 181 ארבעטער, זיי זאָלן ארייַנטרעטן אין שלאָג־בריגאדעס.

אומעטום אפ די זאוואָדן און אנשטאלטן פירן די פּיאָנערן א קאמף פארן אינדפינפלאן, העלפן ארויס צעטלען פון פוסטעפאסניקעס, מאכן אויסשטעלונגען פון פארבראקירטע פראָדוקטן, נעמען שעפסטום איבער די אָפּשטייענדיקע ווערסטעטן, געבן איבער פאָנען פון ראָגעזשע די אָפּשטייענדיקע צעכן.

איך נעם דעם לעצטן נומער פּיאָנערישע צייטונג „לענינסקיע איסקרי" און לייען:

# א כעשבן פון אוראלער קינדקאָרן צו די קינדקאָרן פון לענינגראדער געגנט

„מיר, אוראלער קינדקאָרן, שטעלן אײַך צו, קינדקאָרן פון לענינגראדער געגנט, א כעשבן.

„איר דארפט העלפן, סע זאָל וואָס גיכער אויסגעפילט ווערן די באשטעלונג.

„בלויז דעם אוראלער מאשינבוי־זאוואָד אלײן איז לענינגראד שולדיק:

„דער זאוואָד אף איליטשס נאָמען—3 שטיק נאזש־דאק־שארפשטײנער און נאזשדאק־ווערסטעטן.

„דער זאוואָד „קראסני פוטילאָוועץ"—א ווערסטעט פאר האָלץ־באארבעטונג.

„גאָסמעטער"—15 וואָג.

„דער זאוואָד „פערונ"—דרײַ מאכשירים פאר אווטאָ־גען־שניט.

„איך ברענג ניט דאָס גאנצע צעטל.

„מיר פאָדערן פון אײַך אופמערקזאמקײַט צו אוראל־קוזבאס. מיר פאָדערן, איר זאָלט קעמפן פארן גרויסן אוראל.

„אָרגאניזירט פאָסטן אף אלע זאוואָדן, וואָס פילן אויס באַ־שטעלונגען פאר דער בויונג פון אוראל־קוזבאס.

„שלאָגט זיך דערפאר, אז די באשטעלונג זאָל אויסגעפילט ווערן צום טערמין".

אָט זעט איר, וויאזוי פיאָנערן העלפן בויען דאָס פינפיאָר.

און אָט איז אן אָפמאך, וואָס די שילערס און פיאָנערן פון פסרר האָבן געשלאָסן מיטן פאָלקס־קאָמיסאריאט פון ערדאר־בעט, מיטן קאָלווירטצענטער און מיטן פארבאנד פון לאנד־ווירטשאפטלעכער קאָאָפעראציע.

די פּיאָנערנ אונ שילערס זײַנענ זיכ מיסכײַעוו אינ 1931 יאָר:

מיט וואָרט אונ מיט טאט איבערצײַגנ די עלטערנ אינ דער לוינעוודיקײַט פונ א קאָלווירט, אָפּסאָרטירנ 100.000 טאָנ זריִע, שאפנ 7.500 לאנדווירטשאפטלעכע פּרווו־פעלדער, נעמענ שעפּ־טומ איבער 200.000 קעלבלעכ אונ 200.000 כאזיירימ אינ די קאָלווירטנ, העלפנ זיי אופציִענ אונ אויסהאָדעוונ, אויספירנ 900.000, הינדעלעכ פארגרייטנ 3.000.000 אייער, אײַנאָרדענענ 15.000 גערטנער, ארויסטרעטנ אינ מארש קעגנ די סוסליקעס, אויסראָטנ ניט ווייניקער פונ 6 מיליאָנ סוסליקעס, צעהענגענ א מיליאָנ שטאר־שטיבעלעכ, אָפּרייניקנ פונ שעדיקער 6.800 העקטאר סאָד, זוכנ אונ דערלערנענ קאלכשטיינער אונ פאָס־פאָריטנ, צונויפזאמלענ 32.000 טאָנ אש, נעמענ שעפטומ איבער די טראקטערס פונעמ אייגענעמ ראטווירט אָדער קאָלווירט אָפּהיטנ די טראקטערס אונ דערלערנענ זיי, אינעמ טאָג פונ וואלד פארפלאנצנ 9 מיליאָנ ביימער.

דאָס זײַנענ די היסכײַוועסנ פונ די פּיאָנערנ אונ שילערס.

דער פאָלקאָמערד, קאָלווירטצענטער אונ דער קאָאָפּעראַ־ציִע־פארבאנד האָבנ, פונ זייער זײַט, גענומענ א היסכײַוועס צו העלפנ די פּיאָנערנ אונ שילערס מיט מאטעריאל, אינסטרו־מענטנ, ביכער, אײַנאָרדענענ קורסנ אונ ווארשטאטנ, טעכנישע סטאנציעס.

אָט וואָס פאר א פּלאנ די פּיאָנערנ דארפנ אויספילנ אינ 1931 יאָר. אונ מיינט ניט, אז דאָס איז פּוסטע זאכנ — בויענ שטאר־שטיבלעכ, אויספירנ הינדעלעכ. פילט אויס אײַער קליינעמ פינפיאָר, אונ דעמאָלט וועט דאָס גרויסע פינפיאָר אויסגעפילט ווערנ פארנ טערמינ.

אויב איר וועט זיך א סטארע טון און פארגרעסערן אין יעדער ווירטשאפט די צאָל הינער, וואָס לייגן זיך, אפ צוויי, וועט איר געבן דער מעלוכע פינף מיליארד אייער, 150 מיליאָן רובל.

פון קאָפּקעס קלייבן זיך אָן מיליאָנען; שוואכע הענט, אויב זיי זיינען אסאך, רוקן זיי פון אָרט בערג און פלאנצן איין וועלדער פון מיליאָנען ביימער.

אין דעם איז אונדזער קראפט.

# XIV. צי קאָנען זיי ארבעטן מיט א פּלאן

אין איינעם א דײַטשישן זשורנאל איז ניט לאנג געווען אָפּגעדרוקט א דיִאגראם פון דער סכוירע־פּראָדוקציע אין די ווירטשאַפטלעך לענדער פון דער וועלט. אף דער דיִאגראם איז פאראן עטלעכע קרומע. אלע קרומע פאלן שארף אראָפּ; זיי ווײַזן, אז סע איז געפאלן די פּראָדוקציע, אז סע זײַנען פאר־קירצט די פארזייען, אז טויזנטער פאבריקן זײַנען פארמאכט געוואָרן און שאכטעס זײַנען פארלאָזט. און בלויז איין קרומע גייט אָן אן אופהער ארוף פון יאָר צו יאָר. דאָס איז די קרומע פון דער פּראָדוקציע אין ס ס ר ר. פארוואָס־זשע איז בלויז אין איין לאנד וואקסט די פּראָדוקציע, און ניט זי פאלט?

פארוואָס האָט די קרענק, וואָס רופט זיך אָן וועלט־קריזיס און וואָס האָט ארומגעכאפּט די גאנצע וועלט, זיך אָפּגעשטעלט בא די גרענעצן פון ס ס ר ר און דערוועגט זיך ניט אריבערצו־שפּאנען איבער זיי?

דערפאר וואָס אין ס ס ר ר ווערט צום ערשטן מאָל אָנגע־ווענדט דער נײַער מעטאָד פון ארבעט — דער מעטאָד פון סאָ־ציִאליסטישן פּלאנירן.

אין מײַרעוו ווייסט מען פון דעם.

אונדזער בוך האָט מען איבערגעזעצט אַף ענגליש און ער איז דערשינען אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד. און אָט וואָס סע שרײַבט וועגן אים דער „זשורנאַל אָאָל סטריט", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק.

„ווער־ניט־ווער פֿון די אַמעריקאַנער לייענערס וועט מיט פֿאַרדראָס דערזען, אַז מיר האָבן געדינט פֿאַר אַ שרעקלעכן בײַשפּיל פֿון אַ לאַנד, וואָס לעבט אָן אַ פּלאַן. אָבער אויב מע וויל זײַן ערלעך, מוזן מיר אַנערקענען, אַז די מײַסע מיט די שליאַפּעס איז אַ ריכטיקע".

אין דער צײַטונג „טשיקאַגאָ דיילי ניוס" זאָגט מ־ר אָ׳ברײַען:

„ס׳איז אַמאָל ניט שלעכט אַ קוק צו טון אַף זיך מיט פֿרעמדע אויגן. אָט איז אַ בילדל פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן, וואָס סע באַקומען עס די רוסישע קינדער אין דער דערציילונג „וועגן גרויסן פּלאַן".

ווײַטער ברענגט מ־ר אָ׳ברײַען דאָס גאַנצע קאַפּיטל וועגן די פֿאַבריקאַנטן פֿון שליאַפּעס מ־ר פּאָקס און מיסטער פּאָקס און דערנאָך זאָגט ער:

„זאָל יעדער איינער, אַרויסגייענדיק פֿון זײַן פּערזענלעכער דערפֿאַרונג, זאָגן, אַף וויפֿל איז ריכטיק דאָסדאָזיקע בילד פֿון דער אינדוסטריע אין די צ א פּ ש. איך פּערזענלעך רעכן, אַז סע איז גענוג נאָענט צו דער ווירקלעכקײַט, סע זאָל מיך צווינגען צו פֿילן אַ גרויסע אומרויִקײַט. מיר דאַכט זיך, אַז מיר וואָלטן באַדאַרפֿט אויסלערנען דעם פּלאַן, וואָס די רוסישע אַרבעטן אויס. ס׳איז מעגלעך, אַז מיר וועלן נעמען פֿון אים אייניקע נוצלעכע געדאַנקען. לויט גאַנץ זיכערע מיטיילונגען באַגעגע־נען זיך אינעם דורכפֿירן דעמדאָזיקן פּלאַן דורכפֿאַלן. אָבער אַפֿילע יענע, וואָס זאָגן עס, אַנערקענען, אַז דער פּלאַן ווערט

פארווירקלעכט בעסער, ווי מע האָט געוואָרט, און אַז פון אַ טרוים איז ער שוין פארוואנדלט געוואָרן אין ווירקלעכקייט. און אַז סע וועלן אונטערוואקסן די קינדער פון ססרר, וואָס פון קליינערהייט וועלן זיי דערצויגן אינעם פארשטיין זײַן ווערט און ציל, וועט דער פּלאַן, פארשטייט זיך, גיין אַסאַך בעסער... ווײַזט אויס, ס'איז שוין צײַט, מיר זאָלן אויך אַ טראַכט טון וועגן אונדזער אייגענעם פּלאַן".

„שוין זשע, — פרעגט אין איינעם פון זײַנע לעצטע אַרטיקלען מ״ר סטיוארט טשעז, — שוין זשע זײַנען עס אונדזערע אייגענע אינזשענערן, אונדזערע עקאָנאָמיסטן, די אָנפירערס פון אונדזער אינדוסטריע ווײַניקער קלוג און דערפינדעריש, ווי יענע אומבאוווסטע קענערס (זיי זײַנען דאָ טויזנטער, זאָגט אילין), וואָס באַטייליקן זיך אינעם פּלאַנירן און אינעם אויספילן דעם גראַנדיעזן פּראָיעקט פון בויונג?"

און, לעצטנס, קומט מ״ר שערמאַן, דער רעדאַקטער פון איינעם אַ ניו־יאָרקער זשורנאַל, און טיילט מיט:

„די אידייע פון מעלוכישער עקאָנאָמישער פּלאַנירונג ווערט באַטראַכט אינעם איצטיקן מאָמענט אין אַזאַ אַנשטאַלט, ווי די האַנדל־פּאַלאַטע פון די פאַרייניקטע שטאַטן".

וואָס־זשע לייגן פאָר מ״ר שערמאַן און מ״ר ברײַען? זיך אָפּזאָגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און בויען אַ פּלאַנעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, אַזויווי מיר? ניין, זיי הייבן אַפילו ניט אָן זיך אָפּצוזאָגן פונעם קאַפּיטאַליזם. זיי קלערן בויען אַ פּלאַנעווע געזעלשאַפט, איבערלאָזנדיק די פאַבריקן אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן.

אָט וואָס סע שרײַבט מ״ר שערמאַן:

„אויב דער קאָמוניסטישער מעלוכע וועט מיט דער הילף

פון פּאָרויסזעענדיקן עקאָנאָמישן פּלאַנירן זיך איַינגעבן אופּצו־הייבן דעם לעבנ־ניוואָ פון איר באַפעלקערונג, איז צי וועט זיך ניט ארויסווייַזן פאר מעגלעך אויך פאר די מיַירעוודיקע נאַצי־אָנאַליטעטן אָנצוווענדן דעמדאָזיקן ניַיעם פּרינציפּ פון פּלאַנירן צו זייער אייגענער, לאַכלוטן אנדערער סיסטעם און דערגרייכן דיזעלבע רעזולטאטן... די מיַירעוו־וועלט דאַרף באַשאַפן פאר זיך א בעסער אָרגאַניזירטן עקאָנאָמישן מעכאַניזם, וואָס וואָלט געקאָנט געבן מער דערפון, וואָס רוסלאַנד דערוואַרט פונעם פּאַרווירקלעכן אירע פּלענער, וואָס וואָלט אָבער איין דערזעל־בער ציַיט געשטימט מיט אונדזערע אייגענע טראַדיציעס און אָרדענונג"...

הייסט עס, אָט וואָס סע וויל מ־ר שערמאַן און צוזאַמען מיט אים אַסאַך אַנדערע אַמעריקאַנער: נעמען דעם ניַיעם פּרינציפּ פון פּלאַנירן און אָנווענדן אים צו דער אַלטער קאַפּי־טאַליסטישער סיסטעם, ניט אָנרירנדיק אירע טראַדיציעס און אָרדענונג.

קאָן מען עס טון? מע קאָן ביַיזן גרונט איבערבויען א הויז, ניט רירנדיק פון אָרט דאָס מעבל און ניט אַראָפּנעמענדיק די בילדער פון די ווענט?

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט מעגלעך. וואָס לייגט דען פאָר מ־ר שערמאַן? ער לייגט פאָר צווינגען דעם עקאָנאָמישן מע־כאַניזם פון דער מיַירעוו־וועלט, ער זאָל אַרבעטן לויט א פּלאַן. אָבער ס׳איז דען פאַראַן אַזאַ איינהייַטלעכער אַלוועלטלעכער ווירטשאַפטלעכער מעכאַניזם? נישטאָ אַזאַ. ס׳איז פאַראַן זייער אַסאַך גרויסע און קליינע מעכאַניזמען, גרויסע און קליינע אונטערנעמונגען. זיי אַרבעטן צעשאָטן און צעוואָרפן, ווי אַלטע זייגערס באַם זייגערמאַכער אויף די ווענט. פון א מייע שלעכטע

מעכאַניזמען קען מען ניט שאַפן אַפילו קיין איינעם אַ גוטן. קעדיי צו פאַרבעסערן דעם אַלוועלטלעכן ווירטשאַפטלעכן מע־כאַניזם דאַרף מען אים פריִער אויסבויען. מע דאַרף צונעמען בא מ״ר פאַקסן און מ״ר פאַקסן די פרייַהייַט צו באַלעבאַטעווען ווי זיי גלוסט זיך און צונויפגיסן אַלע פאַבריקן פון דער וועלט אין איין גרויסער אַלוועלטלעכער פאַבריק, וואָס זאָל אַרבעטן לויט אַן איינהייַטלעכן פּינקטלעכן פּלאַן.

אָבער דאָס וועט שוין הייסן צעברעכן די טראַדיציעס און די אָרדענונג פון דער מייַרעוו־וועלט.

און ווידער, ווער־זשע וועט זייַן דער באַלעבאָס פון אָט דער אַלוועלטלעכער אונטערנעמונג? ווער וועט פירן און ריכטן די אַרבעט פון דעמדאָזיקן מעכאַניזם אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער אַרבעטנדיקער מענטשהייַט, און ניט אין די אינטערעסן פון איינצעלנע מענטשן און איינצעלנע גרופּעס? אַזאַ מין באַ־לעבאָס קאָן זייַן בלויז די גאַנצע אַרבעטנדיקע מענטשהייַט, און ניט די קאַפּיטאַליסטן. ניט מ״ר פאַקס און ניט מ״ר פאַקס. דאָס איז דאָך אַזוי קלאָר. דעם מ״ר פאַקס און דעם מ״ר פאַקס ליגט ווייניק וואָס אין קאָפּ די מענטשהייַט. זייער ציל איז ניט צו שאַפן זאַכן פאַר די מענטשן, נאָר רייַך ווערן. זייערע פאַבריקן בויען זיי דען צוליב דעם, אַז יעדער מענטש אין דער וועלט זאָל האָבן אַלץ, וואָס ער באַדאַרף? הייבט זיך ניט אָן! ווען דאָס זאָל זייַן זייער ציל, וואָלט אַפילו קיין רייד ניט געקאָנט זייַן וועגן אַ וועלט־קריזיס, וועגן אַן איבערפּראָדוקציע פון סכוירעס. אויף דער וועלט איז דאָ צוויי מיליאַרד מענטשן. די מערהייַט פון אָט די צוויי מיליאַרד פאַרמאָגט ניט דאָס סאַמע נייטיקסטע. אָבער די קאַפּיטאַליסטן גייט לאַכלוטן ניט אָן, צי האָט יעדער מענטש אַלץ, וואָס ער באַדאַרף. זיי פּראָדוצירן סכוירעס ניט

פאַר יענע, וואָס נייטיקן זיך אין דידאַזיקע סכוירעס, נאָר פאַר יענע, וואָס האָבן בעיאַד דידאַזיקע סכוירעס צו קויפן. טאַקע דעריבער קומט פאָר פון צײַט צו צײַט אַן איבערפּראָדוקציע פון סכוירעס און אַ קריזיס, ווײַל סע זײַנען גאָר ניט פאַראַן אַזוי־פיל מענטשן, וואָס האָבן בעיאַד צו קויפן סכוירעס. די מערהײַט מענטשן לעבט אין אָרעמקײַט, און אָט אַזוי ווערט זיך עס ציִען, קאָלזמאַן מיט דער ווירטשאַפט וועלן אָנפירן די קאַפּיטאַליסטן.

קעדיי צו פּלאַנירן אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, קעדיי צו מאַכן אַ סאָף צו דעם מישמאַש און צו דער אומאָרדענונג, וואָס הערשן (ווי סע זאָגט איידעס מ״ר שערמאַן אליין) אין דער מײַרעוו־וועלט, דאַרף מען, אַז דער באַלעבאָס פון דער וועלט זאָל זײַן די גאַנצע אַרבעטנדיקע מענטשהײַט, און ניט מ״ר פאָקס און ניט מ״ר פאָקס.

אָבער צוליב דעם, מע זאָל צונױפגיסן אַלע אונטערנעמונגען פון דער וועלט אין איין פּלאַנעוועער געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג, דאַרף מען פריִער פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם און שאַפן אַ סיסטעם אַ סאָציִאַליסטישע. ס׳איז ניט מעגלעך אָנצווענדן דעם סאָציִאַליסטישן מעטאָד פון פּלאַנירן צו דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. אויב איר וועט צובינדן צו אַ פערד אַן אווטאָמאָביל־מאָטאָר, וועט דאָס פערד דערפון קיין אווטאָמאָביל ניט ווערן.

---

# אינהאלט

זײַט

## פון וואָס וועלן מיר דאָ שמועסן



## I. צוויי לענדער



## II. אויסשפּירערס פונעם פינפיאָר



## III. באצווינגערס פונעם אייגענעם לאנד



## IV. באצווינגען וואסער און ווינט

זייט

## V. קוילן ארבעטן



## VI. דאָס עלעקטרישע לאנד



## VII. אין מארש — נאָך מעטאל



## VIII. אייזערנע מייסטערס